№ 22.

צווייטער יאהרגאנג

יודישע

# פאלקס-צייטונג

27 Mai 1903. פערלאג „פאלקס-בילדונג" ווארשא. ר"ח סיון תרס"ג.



די רעדאקציע „יודישע פאלקס-צייטונג" איז מודיע, אז זי איז צוגעטרעטען ארויסצוגעבען א זאמעל-בוך (סבארניק) פאר דעם פאלק מיט דעם נאמען

## „הילף"

### די גאנצע הכנסה פון דעם סבארניק וועט

### געהן פאר די פאראומגליקטע יודען אין קישינוב.

אין דעם סבארניק וועלען אריינקומען זאכען פון די בעסטע יודישע שריפטשטעלער, וואס שרייבען זשארגאן אונ העברעאיש אונ אויך די וואס שרייבען אין אייראפעאישע שפראכען, וואס וועלען פון דער רעדאקציע איבערזעצט ווערען אין זשארגאן.

אויך וועלען אריינקומען אין דעם זאמעל-בוך אילוסטראציעס פון בעריהמטע יודישע קינסטלער.

די רעדאקציע וועט זיך געבען אלע מיהע, אז די הוצאות פון דעם זאמעל־בוך זאל זיין וויניגער אונ ער זאל פונדעסטוועגען ארויסקומען שען געדרוקט, אויף גוט פאפיער אונ מיט א רייכען אינטערעסאנטען אינהאלט.

**דער פרייז פון סבארניק איז 1 רובל מיט פארטא.**

דעם חשבון פון דער הכנסה מיט דער הוצאה פון סבארניק וועלען מיר אין דער צייט מודיע זיין אין אלע יודישע צייטונגען.

רעדאקציע „יודישע פאלקס־צייטונג".



## ד"ר י. אלאפין 12 12

וואַרשא, טלאמאצקי 1.

בעהאנדעלט הויט-, וועגערישע קראנק-הייטען אונ מענערשוועכע, נעמט אהן ביז 10 אוהר פריה אונ פון 5 ביז 7 נאכמיטאג, פרויען פון 4 ביז 5 נאכמיטאג.

## בית-מסחר ספרים
## ב. צ. שיינפינקעל

וואַרשא זלאַטע 63

מוכר, קונה ומחליף כל מיני ספרים בתנאים נאותים למאד. (210) 50—1

## נור מיט עטליכע רובל

קאן יעדער מענש ביי זיך אויפ'ן ארט אנוטע פרנסה איינפיהרען. אבריפ'ליכע ערקלערונג חנם לכל דורש.

**Я Найдичъ, Варшава.**

## אומזוסט אהן געלד!!

שיקט מען יעדען א ביכעל וועגען שניידען אונ נייהען אלערליי מלבושים. אדרעסע:

Г-жѣ Бертѣ Найдичъ, Варшава.

---

פאבריק פון פייערפעסטע 1994—15

## אייזערנע קאססעם

עמפפעהלט איהר אויס-ארבייטונג נאך נייעסטעם סיסטעם, קאנקורירט מיט די פרייזען און פערגרע-סערט די №№ געגען אנדערע פאבריקען פרייז קוראנטען פראנקא

**Ш. Хари**, Варшава, Новолипье 40

---

## „Chromolin"

„כראָמאָלין" דאס איינציגע ניט שאדליכע מיטטעל צום פוצען אונ קאנסערווירען שוהווערק, מאכט א זעלטענעם גלאנץ. פערקויף אין שוהווערק מאגאזינען אונ אפלעצנע סקלאדעם

12—2 (209)

**אגענטען ווערדען געזוכט**

**L. Schneider,**

Warszawa Nowy-Świat 34.

---

Зеркальный фабрикантъ
ЮДКА ВЕЙНБЛАТЪ,
Варшава, Слизская 22.

עמפפעהלט אללע סארטען פערטיגע שפיגעל, אויך אללע צודאטין פיר שפיגעל פאבריקאנטען, צו גראססע אונד קליינע פאבריקאציאן. די בעסטע עצות אין די פאבריקאציאנסגעשעפט אנגעלעגענהייט. ביליגסטע פרייזען.

25—14 (104)

---

## ביבליותיקה לבני הנעורים ולילדים

אגדות, שיחות, פנטסיות, בדיחות משלים, שירים, וספורים (בנקוד).

171 נומרים (מנוקדים).

מחיר כל נומר 4 ק'. פאר' לכל חיברת או לשלש ביחד 2 ק'; כל 5 נומרים בכרך קטן אחד מכ' בבד אדום מחירו 25 ק', פאר. 4 ק'; כל 10 נומרים בכרך אחד מכ' 50 ק. פאר' 6 ק'; כל 15 נומרים בכרך אחד מכורך הדר בבד 75 ק', פאר' 10 ק'.

Издат. „Тушія", Варшава.
Verlag „Tuschijah", Warschau.

---

## הוצאת „ישרון".

**בימ"ס „ישרון"** מלא וגדוש בכל הספרים החדשים שיצאו לאור מכל בתי הדפוס העברים וגם בספרים עתיקים יקרי הערך והמציאות. קונה ומוכר ספרים וביבליותיקות גדולות מכל מיני ספרים עברים. נכנס לרשות הוצאת „ישרון"

## אלבום ארץ ישראל והמושבות

מאת ש. ראפאלאוויץ וזקס. פנין יקר כזה לא היה עוד בספרותנו.

שבעים וחמש ציורים ממראות הארץ וממקומות הקדושים וממושבות אחינו בארה"ק. ותולדות המושבות וראשית התיסדותן.

כתוב הוא עברית ואשכנזית.

האלבום הזה ראוי הוא להיות בכל בית ישראל לנוי ולקשוט.

מחירו 3 רו"כ, בכריכה יפה 3.75 עם פורטה. למו"ס ואגדות ציוניות הנחה הגונה.

**Книгоиз. „Iешурунъ", Вильна**
**Verlag „Ieschurun" Wilno Russland.**

---

# ספרי חנוך ולמוד ומקרא (הוצאת „תושיה"):

1] אלפא ביתא מצוירת בצבעים (עפ"י השטה הטבעית) עם 24 ציורים יפים ואותיות הכתיבה. נדפסת על טבלא גדולה להדביק אל הקיר בבה"ס.
מחירה 20 קאפ'. פאר' 2 קאפ'.
מדבקת על ניר עב—30 קאפ'. פאר' 6 ק'.

2] אלפא ביתא מצוירת בצבעים (כנ"ל) מטולטלת, ערוכה בקוביות (בגזרי עץ קטנים), בתבת-ניר יפה— ובתוכה לוחות-לדוגמא ערוכות לזה.
מחירה 75 ק'. פאר' 10 קאפ'.

3] הנ"ל, בגזרי ניר עב קטנים, בתבת ניר כנ"ל.
מחירה 60 ק'. פאר' 10 ק'.

4] אלפא ביתא מטולטלת, ערוכה בקוביות. אותיותיה מדבקות על גזרי עץ קטנים מרבעים (קוביות) עם נקודות מיוחדות, להרכיב מהן מלות ומאמרים— ערוכה בתבת ניר.
מחירה 60 קאפ'. פאר' 20 קאפ'.

5] הנ"ל, מדבקת על גזרי ניר עב קטנים, בתבת ניר כנ"ל.
מחירה 50 ק'. פאר' 10 ק'.

6] אלפא ביתא מצוירת בצבעים (עפ"י השטה הטבעית), עם 82 ציורים יפים. נדפסת על טבלא גדולה להדביק אל הקיר בבה"ס.
מחירת 25 קאפ'. פאר' 2 קאפ'.
מדבקת על ניר עב—35 ק'. פאר' 8 ק'.

7] הנ"ל, במחברת קטנה ונאה, מכורכת במעטפה ציורית (בצבעים) יפה.
מחירה 50 קאפ'. פאר' 10 קאפ'

8] אלפא ביתא מצוירת בצבעים (כנ"ל) מטולטלת, ערוכה בקוביות. ערוכה בתבת ניר גדולה ויפה עם ציור נאה בצבעים ממעל.
מחירה 1 רובל פאר' 20 ק'.

9] עברית בלשון עם ועם. למוד הקריאה למתחילים. י. לוינזון וי. ח. טביוב. I למדברים רוסית, II למדברים זרגון.
מחיר כל מחברת בכריכה 25 ק'. פאר' 4 ק'.

10] ראשית דעת שפת עבר (כנ"ל עם ציורים). מ. קרינסקי.
מחירו 30 קאפ', מכ' בבד 40 ק'. פארטא 6 קאפ'.

11] הקריאה העברית (למתחילים). י. ב. לבנר.
מחירו 15 קאפ', מכ' בבד 25 קאפ'. פאר' 4 ק'.

12] בית הספר לתורת הכתיבה ה[illegible]ית, בחמש מחברות (מאושר מטעה[illegible]). מ. קרינסקי.
מחיר כל מחברת 7 קאפ'. פארטא 2 קאפ'.

13] לפי הטף להורות את הילדים לדבר עברית מבלי עזרת תרגומים. ד. ילין.
ספר המורה, שני חלקים (החלק השני עם לוחות-תמונות).
מחיר כל חלק 75 ק', מכ' בבד 90 ק'. פאר' 10 ק'.
שני החלקים מכ' יחד בבד 1.70. פאר' 14 ק'.

14] מקרא לפי הטף, להורות את ילדי ישראל קרא וכתוב ודבר עברית, על פי השטה הטבעית, עברית בעברית, עם ציורים. הנ"ל.
ספר התלמיד, שני חלקים.
מחיר כל חלק 75 קאפ' בכריכה. פאר' 8 ק'.

15] המכין. פרוזדור לכל ספרי הלמוד. (מאושר מטעה"מ). י. ח. טביוב.
מחירו 30 ק', מכ בבד 40 ק'. פאר' 6 ק'.

16] ראשית למודי שפת עבר (עם תרגום המלות ברוסית ואשכנזית באותיות עבריות). י. גרזובסקי.
מחירו 50 ק', מכ' בבד 65 ק'. פאר' 8 ק'.

17] גן הילדים. כריסטומתיה עברית עם תרגום המלים ברוסית ואשכנזית (באותיות עבריות, עם ציורים). ש. ברמן.
מהדורא חדשה מתוקנת.
חלק ראשון מחירו 75 ק', מכ' בבד 90 ק'. פאר' 10 ק'.
חלק שני מחירו 50 ק', מכ' בבד 65 ק'. פאר' 6 ק'.
שני החלקים מכ' יחד בבד 1.45 רובל. פאר' 16 ק'.

18] בת חיל או תורת אם, ספר מקרא לבנות ישראל. י. מיוחס.
מחירו 40 ק', מכ' בבד 50 ק'. פאר' 6 ק'.

19] מדריך הילדים. מתודה וכריסטומתיה (עם תרגום המלות ברוסית) בב' חלקים (מאושר ממה"מ). ק. ולוצקי.
כל חלק 35 ק', מכ' בבד 50 ק'. פאר' 8 ק'.
שני החלקים מכ' יחד בבד 85 ק'. פאר' 14 ק'.

20] רע הילדים. ספר מקרא למתחילים, כלו מנקד, עם „אוצר המלים" בתרגום רוסי (מאושר מטעה"מ). י. ב. לבנר.
מחירו 40 ק', מכ' בבד 50 ק'. פארטא 8 קאפ.

21] ידידנו. מועדי ישראל ותפלותיהם עם תרגום המלות ללשון רופיה (מאושר מטעה"מ). הנ"ל.
מחירו 40 ק', מכ' בבד 50 ק'. פאר' 6 ק'.

22] מורה הילדים. מתודה עם תרגום המלות ברוסית ואשכנזית באותיות עבריות (מאושר מטעה"מ). י. ח. טביוב.
מחירו 90 קאפ', מכ' בבד 1.05. פאר' 14 קאפ'.
מפתח (לתרגומי מורה הילדים). הנ"ל.
מחירו 10 ק', מכ' בבד 20 ק'. פאר' 4 ק'.

23] עדן הילדים. כריסטומתיה עברית עם תרגום המלות ברוסית, אשכנזית באותיות עבריות, צרפתית ואנגלית. (מאושר מטעה"מ). הנ"ל.
חלק ראשון מחירו 80 קאפ', מכורך בבד 95 ק'. פארטא 10 קאפ'.
חלק שני מחירו 70 ק', מכורך בבד 85 קאפ'. פארטא 8 קאפ'.

24] אגרון לבני הנעורים. מכתבים למופת לילדים ולילדות, לנערים ולנערות, עם מלון לכל המלים והמבטאים החמורים. הנ"ל.
מחירו 50 קאפ', מכ' בבד 65 ק', מכ' הדר 75 ק'. פארטא 8 ק'.

25] בית ספר עברי. ספר מקרא ולמוד. י. גרזובסקי.
חלק ראשון 25 ק', מכ' בבד 35 ק'. פאר' 4 ק'.
חלק שני 50 ק', מכ' בבד 65 ק'. פאר' 8 ק'.
חלק שלישי 75 ק', מכ' בבד 90 ק'. פאר' 12 ק'.

26] הדקדוק העברי. דקדוק קצר למתחילים, מנוקד, ל. שאצקי.
מחירו 40 ק', מכ' בבד 50 ק'. פאר' 6 ק'.

27] תרגילי הדקדוק העברי (להקראה ונתוח). הנ"ל.
מחירו 30 ק', מכ' בבד 40 ק'. פאר' 6 ק'.

28] מחברות לנהוחי-דקדוק (שלש מחברות). א. י. גוטליב.
מחיר כל מחברת 10 ק'. פאר' 2 ק'.

29] דקדוק לשון עברית מאת שמואל דוד לוצטו (שד"ל), מעבד ע"י אברהם כהנא.
מחירו 50 ק', מכ' בבד 65 ק'. פאר' 8 ק'.

30] מערכת הפעלים (ספר שמושי). א. קליינמן.
מחירו 50 ק', מכ' בבד 65 ק'. פאר' 8 ק'.

31] קצור דברי הימים לעם ישראל מראשית היותו עד היום הזה (מנוקד). י. גרזובסקי.
מחירו 50 קאפ', מכורך בבד 60 ק', מכורך הדר 70 ק'. פארטא 6 ק'

32] תולדות עם ישראל (מנוקד). א. ז. רבינוביץ.
חלק ראשון מחירו 50 ק', מכ' בבד 65 ק'. פאר' 8 ק'.
חלק שני מחירו 55 ק', מכ' בבד 70 ק'. פאר' 8 ק'.
חלק שלישי מחירו 80 קאפ', מכ' בבד 90 קאפ'. פאר' 10 ק'.
כל שלשה החלקים (כל הספר) מכורכים יחד בבד הדר 2,10. פאר' 20 ק'.
נמצא להמכר גם בספרים קטנים: ספר א' ב' ח' כ"א 15 ק'; ספר ג' ד' ו' ז' ח' ט' י' כ"א 20 ק'. פאר' לכל ספר 2 ק'.

33] למען אחי הקטנים. שירי ילדים (פורמט גדול). א. ליבושיצקי.
מחירו 60 ק', מכ' פשוט 75 ק', מכ' הדר 85 ק', פארטא 10 ק'; על ניר וינאל 1 ר', מכ' הדר 1.25. פאר' 12 ק'.

34] הכנור. קובץ שירים לילדים ולבני הנעורים, מאת משוררים שונים. ספר ראשון: שירי הטבע. ספר שני: משלים. ספר שלישי: אגדות.
מחיר כל ספר 25 ק', מכ' 35 ק'. פארטא 6 ק'.

35] פרקי אבות לבני הנעורים (עם תרגום רוסי והערות ובאורים). א. ליבושיצקי.
מחירו 25 ק', מכ' בבד 35 ק'. פאר' 4 ק'.

36] בעיר וביער (משלים), ב"ח. י. שטינברג.
מחיר כל חלק 30 ק', מכ' בבד 40 ק'. פאר' 4 ק'.
שני החלקים ביחד מכורך בבד 80 ק'. פאר' 8 ק'.

37] שיחות ילדים. קובץ אגדות מקוריות לילדים (פורמט גדול). מנוקד. הנ"ל.
מחירו 40 ק', מכ' 65 ק'. פארטא 6 קאפ'.

38] כל אגדות ישראל (פורמט גדול. מנוקד, מאושר מטעה"מ). י. ב. לבנר.
חלק ראשון מחירו 75 ק', מכ' הדר בבד 1 רובל. פאר' 8 ק'.
חלק שני מחירו 1.05 ר', מכ' בבד 1.65, הדר בבד 1.75. פארטא 16 ק'.
שני החלקים מכ' יחד הדר בבד 2.60. פאר' 24 ק'.

39] עולם קטן. עתון מצויר לבני הנעורים. מהדורא ראשונה.
65 חוברות בחמשה כרכים (13 חוב' בכל כרך).
כל כרך במחיר 1.50 רובל.
כל 26 חוב' מכ' יחד 3 רובל.
כל הקבוצה ביחד מכ' הדר 6 רובל.

40] לוח-עולם קטן. קובץ ספרותי ושמושי לבני הנעורים לשנת תרס"ג עם תמונות וציורים.
מחירו 75 קאפ', לחותמי ה„עולם קטן" רק 50 ק'. מכ' בניר 10 ק' (מכ' הדר 25 ק') בעד הכריכה.

41] ספר החנכה. מאסף לבני הנעורים עם תמונות וציורים.
מחירו 25 ק', מכ' 40 ק'. פארטא 4 ק'.

42] פרקי התלמוד. כריסטומתית תלמודית למתחילים, עם תרגום המלות התלמודיות ברוסית ואשכנזית (באותיות עבריות). א. ל. ביסקא.
מחירו 40 ק', מכ' בבד 55 ק'. פאר' 6 ק'.

43] מורה הסגנון ושמוש הלשון העברית (עם דוגמאות ופרקי שנון רבים לשמוש המעשי, וחלק מיוחד על תורת הנקוד לכל פרטיה). י. ח. טביוב.
מחירו 1 ר', מכ' בבד 1.15. פאר' 14 ק'.

44] תורת הספרות. מורה חקי הסגנון הפרוזי והשירי ותורת הספרות לכל חלקיה השונים (עם דוגמאות רבות מכל מקצעות הספרות העברית בכל תקופותיה). ש. ל. גרדון.
מחירו 1 ר', מכ' בבד 1.15. מכ' הדר 1.25 ר'. פאר' 14 ק'.

45] מבחר הספרות, אנתולוגיה עברית, מכילה לקוטים נבחרים ממיטב הספרות העברית החדשה בשיר ובפרוזה של משוררינו וסופרינו הגדולים (עם תולדות כל סופר וערכו והערות נחוצות). י. ח. טביוב.
מחירו 90 ק', מכורך בבד הדר 1.15. פאר' 14 ק'.

46] תולדות היהודים (הסטוריה פופולרית ערוכה לעם ולבני הנעורים). יעקב פרנקל.
מחיר חלק א', ב', ג' 50 ק' כ"א. פאר' 6 ק'; חלקי ד', ה' 75 ק' כ"א. פאר' 10 ק'. בשני כרכים מכ' הדר כל כרך 1.75 ר'. פארטא 20 קאפ'

47] מלון של כים. מעברית לרוסית ואשכנזית (באותיות עבריות). מלון מלא ושלם לשפה העברית הישנה והחדשה, של התנ"ך, התלמוד והמדרשים ושל הספרות העברית החדשה. י. גרזובסקי וד"ר י. קלוזנר.
מחירו 2.35 רובל, מכ' הדר 2.60. פארטא 20 ק'.

**Издательство „ТУШIЯ", Варшава. — Verlag „TUSCHIJAH", Warschau.**

**אבאנאמענטס-פרייז פאר רוסלאנד:**
יעהרליך 4 רובל, האלב-יעהרליך 2 רובל
פיערטעל-יעהרליך 1 רובל.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון ש"ום עליכם": יעהרליך 5 רובל; האלב-יעהרליך 3 רובל, פיערטעל-יעהרליך 1.50 רובל. יעהרליכע אבאנענטען קענען די 5 ר' אויסצאהלען אין ראטען: ביים איינשרייבען 2 רובל, דעם 1-טען אפריל 1 רובל, 1-טען יולי 1 רובל און דעם 1-טען אקטאבער די לעצטע ראטע 1 רובל.
איינצעלנע נומערן 8 קאפ. 2 העלער.

**פרייז פאר מודעות (אנצייגען):**
פאר יעדער קליינע שורה פעטיט 15 קאפ. 30 העלער, 40 פעניג.
אויף די ערשטע זייטע פאר דעם טעקסט 30 קאפ. 60 העלער, 80 פעניג.

# יודישע
# פאלקס-צייטונג:

## א וואכענבלאט פאר אלע יודישע אינטערעסען.



**אבאנאמענטס-פרייז:**
עסטרייך-אונגארן: יעהרליך 10 קראנען,
האלב-יעהרליך . . . . 5 „
פיערטעל-יעהרליך . . . 2.50 „
דייטשלאנד: יעהרליך . . . 9 מארק.
אמעריקא, ענגלאנד יעהר. 8 שילינג 8 פענס.
אנדערע לענדער: יעהרליך 11 פראנק.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם": יעהרליך 12.50 קראנען; 11.25 מארק; 11 שילינג; 14 פראנק. האלביעהרליך 7.50 קראנען; 6.75 מארק 6.60 שילינג; 8.40 פראנק; פירטעליעהרליך 3.75 קראנען; 3.40 מארק; 3.30 שילינג; 7.29 פראנק.

אנדערן די אדרעסע קאסט 20 קאפ. 40 העלער.

**די אדרעסע פאר רוסלאנד:**
Издательство „Тушія“ Варшава
для „ФОЛКСБИЛДУНГЪ“
מינדליך: נאוואליפקי 7, וואהנונג 9.

די אדרעסע פאר עסטרייך-אונגארן און אנדערע לענדער:
Administration
„Jüdische Volks-Zeitung“
Krakau, Sebastyangasse 32.

27 Mai 1903. Nr. 22. ר"ח סיון תרס"ג.

## וואו נעהמט מען יודישע לעהרער?

אונזער יודיש פאלק פיהלט תמיד מאנגעל אין א סך נייטיגע און ניצליכע זאכען אין לעבען, נאר מע קאן זאגען, אז דער גרעסטער מאנגעל אין די לעצטע צייטען פיהלט זיך, אדער וועניגסטענס דארף זיך פיהלען, אין יודישע לעהרער. אלטע „מלמדים" מיט זייערע שענע מלמדישע געננ, מיט זייערע אלטע תארשימעלטע „שיטות" אין לערנען, משטיינסנעזאגט, קענען שוין נישט צופרידען שטעלען היינטיגע צייטען, אפילו אזאלכע, וואס זענען נישט קיין מפונקים, קיין גרויסע „איבערקלוגער" אין די זאכען. די צייט פון אזוינע מיני מלמדים איז שוין איבערגעגאנגען, און מע דארף האפען, אז זי וועט זיך שוין נישט אומקעהרען. איצט פאדערט מען א מלמד אדער א לעהרער, נישט גלאט א לא-יצלח ווי אמאל, וואס האט זיך גענומען צו מלמדות מחמת אין ברירה, ער האט געדארפט נעביך „פרנסה" און צו קיין אנדער מלאכה האט ער נישט געטויגט. ניין, מע דארף האבען נאר אזאלכע וואס זאלען באמת טויגען צו זייער פאך, וואס זאלען קענען און ליב האבען זייער זאך. אזאלכע יודישע לעהרער פאדערט מען, זוכט מען היינט שטארק אין אלע מקומות — מע זוכט, נאר מע געפינט נישט. רעדט נאר מיט די פון אונזערע לעהרער און שרייבער אין די גרויסע שטעדט, וואס מע ווייסט זייער נאמען אין אנדערע ערטער, וועט איהר הערען וויפיעל בריף זיי בעקומען פון פארשידענע מקומות, פון נאהנט און ווייט, מיט בקשות צו רעקאמאנדירען א רעכטען לעהרער: דא פעהלט אזאלכער אין דער תלמוד-תורה, דארט אין איין אלטען „מוסטער-חדר", אדער פאר א נייעם חדר, וואס מע וויל עפענען — און אויף די אלע בריף מוז מען געבען איין תשובה: נישטא, עס איז נישטא קיין לעהרער ביי יודען!

עס איז קיין חידוש נישט, וואס אלע פארשטעהען היינט ווי וויכטיג נייטיג און ניצליך איז פאר אונזער פאלק אין אונזערע מדינות א לעהרער-אינסטיטוט, א הויכע שולע, וואס זאל ארויסגעבען רעכטע יודישע לעהרער. און אז מע וויל מאכען א נייעם אנשטאלט לכבוד דעם באראן גינצבורג, זענען אלע געקומען צו איין דעה, אז מע דארף גרינדען פאר יודען אין רוסלאנד א לעהרער-אינסטיטוט. נאר נישט אזוי גיך טוט זיך ביי אונז יודען אזא זאך. עטליכע הונדערט-טויזענט רובל קלויבט זיך נישט צונויף אין איין „שמע ישראל". איהר מעגט זיך פארלאזען נישט-קשה אויף אונזערע גבירים, זיי וועלען שוין געפינען אויף וואס צו געבען, אבער נישט אויף אזאלכע זאכען...

וואס טוט מען אבער דערווייל? לעהרער פאר א פאלק — דאס איז נישט קיין לוקסוס-זאך, וואס מע קאן לעת-עתה אויסקומען אהן דעם און הארען ביז עס וועט אמאל קומען די „גוטע צייט".

דערווייל, ביז יענע גוטע שעה וועט א מאל קומען, וואלט מען איצט אויך געקאנט טון א סך, זעהר א סך, פאר דער דאזיגער זאך, ווען אלע, וואס ווילען באמת עפּיס טון פאר זייער פאלק, זאלען גוט פארשטעהן און שטארק געדענקען די גרויסע וויכטיגקייט פון דער לעהרער-פראגע פאר אונז יודען, בפרט אין היינטיגע צייטען.

אין דער אמת'ען, פאר וואס פיהלט מען ביי אונז אזא גרויסען מאנגעל אין לעהרער? וואו זענען עס אונזערע יונגע לייט, וואס קומען אן פון פארשידענע שטעדט און שטעדטלעך אין די גרויסע שטעדט, צו לערנען זיך און פלאגען זיך אזוי יאהרענלאנג, — פאר וואס געבען זיי נישט אב קיין לעהרער-עקזאמען (וואס איז גאר נישט פון די שווערע זאכען), כדי זיי זאלען קענען אויספולען אזא גרויסע בעדערפעניש אינ'ם לעבען פון אונזער פאלק?

א, די אלע יונגע לייט האבען גרעסערע השגות ווי צו זיין פשוט'ע יודישע לעהרער; זיי קוקען גאר ווייט און ציהען זיך צו עפּיס העכערס: זיי ווילען, פארשטעהט איהר, אלע זיין „עקסטערנעס", נישט אנדערש נאר האלטען דעם לעצטען עקזאמען ביי א גימנאזיע, אויף צו בעקומען איין „אטעסטאט", און אנדערע פון זיי טראכטען נאך פון געהן ווייטער און ווייטער ביז'ן הויכען „דיפלאם".

אין יעדער גרויסער שטאדט וועט איהר זעהען פיעל פון זיי, פון אונזערע יודישע „לאמאנאסאוו'ס", וואס קומען אן יעדער פון זיין

שטעדטל, מעהרסטענטייל פון גאנץ אריםען קלאס, אהן י׳ום מיט־לען צום לעבען, נאר מיט א גרויסען ברענענדיגען חשק צום לערנען. אונ זיי לערנען היבשע יאהרען. זיי לעגען אוועק די לעצטע יונגע כוחות, זיי דערעסען נישט, דערטרינקען נישט, דערשלאפען נישט. פת במלח — א טרוקען שטיקעל ברויט מיט זאלץ איז אפטמאל ביי זיי א יום־טוב'דיג מאכל; האבען וואו א קאפ צו־צושפארען, איז שוין פאר זיי אויך א שטיק ישועה. אז איהר וועט זיי זעהען אין גאס, וועט איהר תיכף דערקענען אט די אויסגעדארטע, אויסגעמוטשעטע פנים'ער, אהן זאפט, אהן א טראפען בלוט. עס ליגט אויף זיי אויסגעגאסען די חתימה „עקסטערנא". אזוי געהט אוועק שענע עטליכע יאהר, א צעטעל פון הונגער אונ קעלט, פון צרות אונ פלאגען ביז גאט העלפט מע געהט צום עקזאמען — אונ דארט „שנייד'ט" מען אומברחמנות'דיג. מוטשעט מען זיך ווייטער אונ מע לערנט ווייטער ביז דעם צווייטען עקזאמען, ביז דעם צווייטען „שניידען". אונ אז עס געראט שוין יא, נאך אונגעהייערע, כמעט אונמענשליכע מיה, אונ מע קריכט שוין ווי עס איז דורך, אונ מע בעקומט שוין למזל א שטיקעל אטעסטאט — בלייבט מען ערשט דערמאלט שטעהן אין מיטען וועג אונ מע ווייסט נישט וואוהין זיך צו קעהרען, וואוהין צו ווענדען ווייטער. געהן ווייטער אויף צו קריגען נאך א העכערען „דיפלאם" — איז היינטיגע צייטען גאר פון די שווערע זאכען. בפרט אז ס'איז שוין נישטא די כוחות, איז מען זיך מיישב אונ מע טוט גאר אן א מין ספאדיק פון א „קאזיאנע" רב'ל, אדער מע נעמט גאר זוכען עפיס אנדערע מיני גליקען. מע זוכט, אבער זעהר שווערליך אז מע געפינט וואס עס איז.

אונ אט די יונגע לייט, אויב נישט אלע, אלענפאלס א גרויסער טייל פון זיי, וואלטען דאך געקענט קומען צו א רעכטען צוועק אין לעבען מיט גרינגערען אונ קורצערען וועג, ווען זיי זאלען פון אנהויב אן נישט וועלען פליהען אזוי הויך, ווען זיי זאלען זיך בעגנוגען מיט א קליינעם, בעשיידענעם ציעל: צו גרייטען זיך אויף יודישע לעהרער ווי עס דארף צו זיין.

אונ דער ציעל איז דאך אזוי וויכטיג, אזוי ניצליך פאר אונ־זער פאלק! וואס קאן ווירקליך זיין מעהר וויכטיגער, מעהר ניצליכער, ווי צו געבען א מתנה דעם פאלק רעכטע לעהרער, אויפציהער פאר'ן יונגען דור? עס איז בעקאנט דאס ווערטל, אז אין פרייסען, בשעת דער מלחמה מיט די פראנצויזען, האט „דער לעהרער מנצח געוועזען". אונ דאס איז נישט גלאט אזוי קיין ווערטל. דער אמת'ער נצחון פון יעדען פאלק, אין אלע צייטען, ווענדט זיך ווירקליך נאר אין לעהרער, וואס לעגט דעם יסוד צום שפעטערדיגען לעבען פונ'ם פאלק. אונ אויב דאס איז געזאגט געווארען אויף אלע אומות, ווי ווייט שטארקער דארף עס זיין ביי אונזער פאלק, א פאלק וואס לעבט אזוי אוננאטירליך, וואס פעהלט איהם אזוי זאפט אונ קראפט צום לעבען, א פאלק וואס בעשטעהט פון הוילע צעבראכענע נפשות אונ וואס לעבט נאר מיט האפנונג אויף שפעטער.

אונ ווי ווייט מיר זעהען שוואך אונ צעבראכען קאן מען ערשט ארויסזעהען אין דער לעצטער „בעוועגונג", ווען דער חולה פריוועט זיך שטעלען א ביסל אויף די פיס. מען האלט אלץ אין איין שמועסען פון „תחיה", פון אויפלעבען; אבער אין תוך אריין, וואס דארפען מיר זיך דא נארען, איז אויף דעם דא דערווייל גאר ווינציג סימנים. עס חאפט אן א שרעקליכער שוידער, אז מע בעטראכט אונזער ביטערע פינסטערע לאגע. נאר נאך מעהר קאן מען ווערען פארצווייפעלט, אז מע נעהמט זיך צו־קוקען ווי עס געהט ביי אונז דער גאנצער ענין פון „אויפלעבען". מע ד א ר ף האפען אונ מע מ ו ז האפען — אנווערען דאס האפנונג איז א טויט; האפען אבער קאן מען נאר אויף א נייעם דור מיט פרישע כוחות, אהן צעבראכענע, אהן קנעכטישע געפיהלען אונ השגות, מיט א מעהר געזונטען גוף אונ מעהר געזונטער, יודישער נשמה. אונ אזא יונגען דור, וואס מע זאל באמת אויף איהם קענען זאגען „זה ינחמנו" — ער וועט אונז ברענגען די אמת'ע נחמה; אזא דור קאן אונז מגדל זיין נאר רעכטע לעהרער, וועלכע פארשטעהען גוט זייער פאך אונ זענען איבערגעגעבען צו דער זאך מיט לייב אונ לעבען.

# פעליעטאן.

## מאשקעלי גנב.

א ראמאן

פון שלום־עליכם.

(פארטזעצונג).

### קאפיטעל ו.

### חיים חסיד'ס איידעם אלי־נח פאלט אויף איין עצה.

אויף דער הייסער שעה האט חיים חסיד גאר נישט געקאנט טהון. נישט געוואוסט וואס ער זאל טהון, האט ער זיך פארשלאסען ביי זיך אין חדר, זיך געוואלגערט אויף דער ערד אונ נאר געוויינט. אונ נאר געוויינט, ערגער, טויזענט מאל ערגער ווי מע וויינט אויף א טויטען, ווארום דארט איז נאר א וועהטוג, אונ דא איז א וועהטוג מיט א בזיון אין איינעם...

נישט אזוי האט אבער געטהאן די „חיימאווא". זי איז אוועקגע־לאפען צו אלע גרעסטע אדונים, אונ צום איספראווניק אליין, געפאלען צו די פיס, געוויינט אונ געבעטען רחמים, מע זאל זי חאטש צולאזען אויף איין האלבע שעה צו דער טאכטער, מעהר נישט. עס האט נישט געהאלפען קיין וויינען, דאס איינציגע, וואס מע האט איהר געקאנט העלפען איז נאר מיט א גוט ווארט; זיי האבען זי געטרייסט, אז מע וועט איהר טאכטער חלילה גאר נישט טהון, אז זי וועט מיט גאט'ס הילף זיין גליקליך, ווארום מאקסים טשובינסקי איז זעהר א פיינער, זעהר איין ארענטליכער מענש; זי וועט מיט איהם געוויס האבען א סך א בעסער לעבען ווי מיט דעם „פאוסיד" (חסיד) מיט דעם „איצקא" אדער מיט דעם „בערקא", וואס איהרע עלטערן וואלטען איהר גע־געבען פאר א מאן...

אזוי האבען די דאזיגע גוטע מענשען אויסגערעדט דער ארעמער מאמען דאס פארביטערטע הארץ, אונ די ארעמע מאמע האט זיך ניט געוואלט טרייסטען, געלאפען פון דארטען צו די גלחים, צו די מאנאחעם פונ'ם מאנאסטיר, זיך געוואלגערט אויף דער ערד, געקושט די פיס — עס האט נישט געהאלפען קיין רבונו של עולם!

איז איינער פון חיים חסיד'ס איידעמס געפאלען אויף איין עצה: מאשקעלי גנב! דאס הייסט, מע זאל א בעט טהון מאשקעלי גנב, וואלט ער געפונען א מיטעל; ער ווייסט שוין ווי אזוי; איהם בעדארף מען ניט לעהרנען...

קאן דען זיין א צוועק אין לעבען טייערער און הייליגער דערפון?

פאר וואס־זשע, פרעגט זיך, זענען אונזערע יונגע לייט, וואס האלטען ביי לערנען זיך, אזוי ווייט דערפון? פאר וואס האבען זיי קיין חשק נישט "אבצוגעבען" זיך מיט לעהרעריי אויפ'ן רעכטען אמת, אלס א לעבענס־צוועק? און אויב דאס רוב פון זיי פארנעמען זיך יא מיט דעם, איז עס נאר אויף דערווייל, אויף א שטיקעל צייט, כדי צו האבען עפיס מיטלען אויף דורכצושטיפען זיך צום "העכערען" צוועק.

מע קאן נישט זאגען, אז זיי טוען עס דערפאר ווייל זיי זענען פרעמד פון זייער פאלק, אינגאנצען אבגעריסען פון איהם, און אזאלכע וויכטיגסטע פאלקס־אינטערעסען האט ביי זיי קיין שום ווערט נישט. היינט איז, ברוך־השם, אין דער הינזיכט נישט ווי די פריהעריגע יאהרען פון דער "הייסער" השכלה־צייט. אין יענע יאהרען, אז עס פלעג קומען א יונגערמאן פון א קליין שטעדטל אין דער גרויסער שטאדט, צו ווארימען זיך דארט ביי די "שטראהלען פון בילדונג", פלעג ער ראשית כל געבען תיכף א גרויסען שפיי אויף אלעם, וואס ביי איהם איז געוועזען פריהער טייער און הייליג. און נישט וועלען וויסען קיין ברעקל סימן פון אלצדינג וואס שמעקט עפיס מיט יודיש. היינטיגע צייטען איז גאר אנדערש. מע בעגעגענט אפילו נאך היינט אויך פון יענע מיני שענע "סחורה"; נאר דערפאר אגרויסער טייל, אויב נישט דער גרעסטער טייל, פון אונזערע היינטיגע "לאמאנאסאוו'ס" איז איבערגעגעבען דעם פאלק. פיעל פון זיי געפינען מיר אין די ציוניסטישע חברות, וואו זיי נעמען גאר א הייסען אנטייל, קלויבען שקלים, אקציעס, האלטען רעדעס אין פארזאמלונגען, אויך דרשות פאר'ן עולם אין די שוהלען. מיט איין ווארט, זיי ארבייטען און ווילען ארבייטען פאר'ן פאלק.

אט די אלע יונגע לייט וואלט מען געדארפט נייטיג אויפקלערען, אז זיי זאלען גוט בעטראכטען די זאך און פארשטעהן ווי אזוי צו ניצליך זיין זייער פאלק. די כונה זייערע איז געוויס צו גוטען, נאר זיי טוען נישט פאר'ן פאלק דאס וואס מע בעדארף נייטיגער ווי אלץ. האלטען "רעדעס", פיהרען "דעבאטען", און אפילו קלויבען שקלים און אקציעס, מעגען זיי דערווייל איבערלאזען אויף אנדערע, און זיי דארפען שטיל, אהן רעש, זיך נעמען פלייסיג צום לערנען, נישט אויף צו בעקומען א גימנאזיען־אטעסטאט, נאר א פשוט'ען לעהרער־דיפלאם, און זיך גוט צו־גרייטען צו דעם דאזיגען הויכען ציעל אין לעבען.

און דאמאלס ערשט וועלען זיי באמת קענען ניצליך זיין, נישט נאר דעם כלל ישראל, נאר טאקי זיך אליין אויך.

ווארום, ווי מיר האבען שוין געזאגט, צו בעקומען איין "אטעסטאט" און געהן דערנאך נאך ווייטער, קומט־אן היינטיגע צייטען שווער, זעהר שווער: מע בלייבט אהן כוחות איידער מע דערשלאגט זיך צו א שטיקל ברעג. אבער אפגעבען לעהרער־עקזאמען איז גאר נישט פון די שווערע זאכען, און מיט פרישע כוחות קאן מען דערנאך ארבייטען אזא טייערע ארבייט פאר'ן פאלק אלס ערציהער פונ'ם יונגען דור.

נאר אויב אפילו אונזערע יונגע לייט נארען זיך אין "חשבון": דער קאפ פליהט ביי זיי און זיי מאלען זיך אויס, אז די זאך וועט זיי גאר גרינג אנקומען צו געהן העכער און העכער, און מיר וועלען זיי טאקי נאכגעבען, אז ס'איז באמת אזוי, אז זיי אליין פאר זיך קענען גאר לייכט קומען צו דעם ווייטען צוועק וואס זיי שטעלען זיך. אבער וואו איז דאס ארבייטען לטובת הכלל, דאס וועלען נוצען ברענגען דעם גאנצען פאלק? לאז זיין אז פארנעמען די שטעלע פון א פראסטען יודישען לעהרער איז נישט אזוי גלענצענדיג פאר דער וועלט; אבער מיינען זיי דען נאר צו "גלענצען"? מיר הערען דאך פון זיי, פון א גרויסען טייל פון די דאזיגע יונגע לייט, אז מע דארף זיין גרייט אין אלע צייטען ברענגען קרבנות פאר'ן פאלק. לאז דאס אויך זיין איינע פון די קרבנות פון זייער זייט...

אין דער אמת'ען, גלאט דאס אליין, ווי האלטען פייעריגע רעדעס, פיהרען הייסע "דעבאטען" א. ד. ג., איז נאך גאר נישט פון די

---

אז מע טרענקט זיך חאפט מען זיך אן אין א שארף פון א שווערט. חיים חסיד האט געשיקט רופען מאשקעלי גנב, ער זאל זיך מטריח זיין קומען אויף א פאר ווערטער "מכח זעהר א נייטיגען ענין"

מאשקע איז נאר וואס געקומען צופאהרען "פון דער ארבייט"... רייטענדיג אויף א ברענענדיגן פערד, ער האט נאך אפילו ניט אפגעטרייסעלט זיך פונ'ם שטויב און איז א פארפראשעטער, א הונגעריגער און א דארשטיגער אוועקגעגאנגען צו רב חיים חסיד, הערען וואס פאר א "נייטיגער ענין" קאן דאס זיין, חאטש ביי זיך האט ער גאנץ גוט פארשטאנען, אז דאס בעדארף זיין געוויס מכח דער אנטלאפענער צירעלי, און דאס הארץ האט איהם באצייטענס אנגעהויבען קלאפען, אליין נישט צו וויסען פאר וואס.

---

נישט גרינג איז געוועזען חיים חסיד מיט זיין הויזגעזונט אנצוהייבען מיט מאשקעלי גנב דעם דאזיגען שמועס. נישט גרינג איז אויך געוועזען פאר מאשקעלי גנב א פרעג צו טהון נאך וואס האט מען איהם געשיקט רופען. ביידע צדדים זענען געזעסען א היבשע ווייל'ע און געשוויגען.

האט זיך געפונען איינער אלי־נח, דער עלטערער איידעם, א יונגער מאן א שענער בעל לשון און א בעל תנ"ך, טראגט א זיידענעם קאשקעט אין דערוואקסען און שנייצט די נאז בריה'ש מיט איין פינגער, און איז ארויס פאר'ן מליץ יושר פאר דער גאנצער שטוב מיט א מענה לשון, געקייעט די ווערטער, ווי מע קייעט מצה.

— די מעשה דערפון, הייסט עס, וואס אונזער צירעלי, מיין יונגערע שוועגערין הייסט עס, האט זי דאס... אוועק הייסט דאס, ניט אליין, דאס הייסט אליין, נאר דאס... שטינאטערם הייסט עס א סך... איז בעדארף מען זי פון דארט הייסט עס... דאס... איז ביי אונז געבליבען, אויב דו ווילסט הייסט עס מהכיתיתי פארדינען א קערבל...

דא האט זיך אלי־נח אפגעשטעלט, א מאך געטהאן מיט'ן קאפ, ווי בשעת מע שלינגט אראפ א ביינדל און האט א שנייץ געטהאן די נאז מיט איין פינגער און געוואלט רעדען ווייטער, האט איהם מאשקעלי גנב איבערגעשלאגען און האט איהם אפגעענטפערט מיט'ן איינעמס לשון וואס אלי־נח.

— די מעשה דערפון הייסט עס, וואס דו ביזט א יאלד און מיינסט ביזט א גרויסער חכם, א שופר, זאגט מען, האט א לאנגען אכם און קאן קיין צונג ניט בלאזען, דאס קערבל, וואס דו זאגסט מיר צו דערפאר, כין איך מנדר אויף דיין פעטערס יאהרצייט, און לאז מיין נאמען ניט הייסען מאשקע, אויב איך וועל צירעלען פון מאנאסטיר ניט ארויסנעמען, סיידען דער טויט וועט מיר זיין?...

די דאזיגע ווערטער זענען געזאגט געווארען אזוי פעסט, מיט אזוי פיעל הארץ, אז דאס גאנצע געזינדעל איז געבליבען זיצען ווי

גרויסע קרבנות; אויף דעם זענען אלע יונגע לייט אין אלע צייטען גרויסע „בעלנים", אפילו ווען די זאך שמעקט אביסל מיט סכנה, בפרט אז דא ווייסט מען בפירוש, אז מען האט נישט שטארק וואס מורא צו האבען... מיינען דען אונזערע יונגע לייט מיט דעם אליין שוין אבקומען, אין גאנצען יוצא זיין פאר פאלקס־ארבייט? קענען זיי דען, ווילען זיי דען אבנארען זיך אליין,? צו אזא „זעלבסט־אבנארעכטם" דארף בשום אופן נישט דערלאזען א ריין יונג הארץ.

יא, יעדער וואס זיינע ווערטער האבען עפּיס וואס־עס־איז א געוויכט, דארף זעהען איינוועגדען אלע מעגליכקייט צו ווירקען אויף אונזערע בעסערע יונגע לייט, וואס ווילען באמת ניצליך זיין זייער פאלק, אז זיי זאלען זיך וואס ווינציגער פערנעמען מיט חברות, מיט רעדעס, בכלל מיט לעהרנען גרויסע. לאזען זיי אליין לערנען זיך, און די וואס פיהלען נאר פעהיגקייטען דערצו לאזען זיך רעכט צוגרייטען אויף צו לערנען קליינע.

און פון די קליינע וועלען ווערען גרויסע, און זיי — אויב זיי וועלען גוט ערצויגען ווערען פון רעכטע לעהרער און ערציהער — וועלען באמת קענען גרויס מאכען אונזער פאלק.

ר.

---

## צווישען צייטונגען און זשורנאלען.

היינט איז גאר א נייע וועלט...

וואס מעהר ווערען די פאדערונגען גרעסער, וואס ווייטער ווערד דאס לעבען שוואכער. עס איז שוין היינט אפילו שווערליך א רעכטער אנטיסעמיט צו זיין...

דאכט זיך, ניט קיין גרויסע תורה, קיין חכמות יון שטעקט אין דעם ניט, און פון דעסטוועגען איז דאס געביך שווער אנגעקומען ה' מארים מירע, דעם מחבר פון דעם „געלעהרנטען" ספר: „דער יודישער שכל". ער האט נעביך געמוזט מיט ביטערען שוויים הארעווען איבער די געלעהרנטע ביכער, ארויסשלעפען די שווערע ארטילעריע פון די אלטע פילאזאפען. טיילס שוין געפּאלמעסטע: גאבינא, העלוואלד, טען און אנדערע, כדי איבער צו חזר'ען צום טויזענט און ערסטען מאל דאס אלטע לידל פון די פארצייטיגע אנטיסעמיטען, אז דאס יודענטום האט דער וועלט גאר ניט געגעבען, אז די גאנצע ליטעראטור און קונסט שטאמען פון די אריער, פון די בני יפת, אז דער יוד איז ניט אים שטאנדע זיך איבערצוגעבען צו עפּיס א מין העכערע אידעע.

זיין נשמה איזט נאר דאס געלד, און ווי קארל מארקס — דער פאטער פון דער טהעאריע פון דעם סאציאליזם — אזוי אויך ראטהשילד האבען נאר איין געדאנק: ווי בעסער צו לעבען און פון דער וועלט צו געניסען. דער יוד — זאגט ה' מירע — איז א נוקם ונוטר, און דערצו נאך א רעוואלוציאנער, און אין דעם בלוט ליגט ביי איהם די נייגונג צו סאציאליזם...

אין דעם זשורנאל „אבראזאוואניע" № 3 געפינען מיר איין אויסגעצייכענטע קריטיק פון ה' וו. פאמין איבער דעם דאזיגען חבור. מיט איינע מיינונגען פון דעם געלעהרטען קריטיקער וועלען מיר אונזערע לעזער בעקאנטע מאכען.

ה' פאמין רייסט אראב פון דעם מחבר די שענע מאסקע פון געלעהרנטע פראזען, מיט וועלכע ה' מירע בעדעקט זיך, און שטעלט איהם פאר אין זיין אמת'ן אויסזעהען. „די נאהנטע בעטראכטונג פון דעם בוך ווי ער איז געשריבען, און ווי אזוי דער מחבר האט בענוצט די מאטעריאלען — זאגט ה' פאמין — בעווייזט אונז אויף קלאר מיט וואס פאר א מיטלען עס בענוצען זיך בעשטימטע סארטען פון מענשלעך, כדי צו פארברייטערען די פיינדשאפט צו א גאנצען פאלק". ה' מירע שווערט אפילו מיט בארד און פאות, אז ער איזט גאר קיין אנטיסעמיט ניט, חס ושלום, נאר פון יעדער שורה'לע קוקט ארויס אונוויסענהייט און א שלעכטע כונה. ניט אומזוסט איז דער בוך אזוי בעליבט געווארען ביי אלע אנטיסעמיטען אין פראנקרייך און ביי אונז אויך...

---

מע זאגט „געגאפט אויף די נעגעל", און אפילו אלי־נח, וואס איז געווארען רויט און דערשוויצט פאר בזיון, איז געוועזען צופריעדען, געווארפען מיט אויגען אויף אלע זייטען, און געשמארעט מיט דער נאז און באלעקט זיך ווי א קאץ בשעת זי האט געוואלט פארזוכען דעם טעם פון פסח'דיגער שמאלץ... די „חיימאווא", וואס איז געזעסען ביז אהער און געוויינט, האט אויפגעהערט וויינען, געבראכען די הענט און א זאג געטהאן:

— אמן הלואי, רבונו של עולם, פון דיין מויל אין גאט'ס אויהרען!...

נאר איין חיים חסיד איז געזעסען דער קאפּ אראפּגעלאזט צו דער ערד, נישט געקאנט קוקען קיינעם אין די אויגען אריין, גלייך ווי ער האט עפּיס פארזינדיגט, עפּיס אפּגעטהאן אזעלכם וואס איז גאר א חרפּה אויסצוזאגען. און אז ס'איז געקומען צום געזעגענען זיך, בשעת מאשקעלי גנב איז אויפגעשטאנען אוועקצוגעהן, האבען זיינע אויגען זיך אפּגעשטעלט אויף מאשקען מיט אזוי פיעל צער און מיט אזוי פיעל האפענונג, אז איין אנדערער אויף מאשקעס ארט וואלט צעגאנגען געווארען פאר רחמנות. נאר מאשקעלע גנב איז צו געגאנגען גאנץ פרייליך צו רב חיים חסיד, ארויפגעלעגט איהם ביידע הענד אויף די פּלייצים און א זאג געטהאן צו איהם, ווי מע רעדט צו א חבר, וואס מע איז מיט איהם גאר „זאפּאני בראטא".

— ניע ראביי, ס'וועט זיין רעכט!

אט דאס צוגעהן פון מאשקעלי גנב, אט דאס ארויפלעגען די הענט, אט דער „ניע ראביי", דאס אליין איז שוין אויך געוועזען א גענוגע מפּלה פאר חיים חסיד, וואס האט אויף זייך לעבען נאך נישט באגעגענט זיך אפילו מיט מאשקעלי גנב און נישט געהערט איהם רעדען. נאר אז גאט וויל שטראפען א מענשען, שטראפט ער איהם פון אלע זייטען...

און חיים חסיד דערמאנט זיך אין איוב'ן מיט זיינע גרויסע צרות, טהוט ער א טיעפען קרעכץ און זאגט „גם זו לטובה"...

---

### קאפּיטעל ז

### קערט זיך אום צוריק און שמועסט פון הויכע ענינים.

אויב א הויכע וואוקס, ברייטע פּלייצעם, געזונטע פיס און א גרויסע פּאטלע שווארצע געקרייזעלטע האר ווערד אנגערופען שען, קאן מען זאגען אויף אונזער העלד, אז ער איז געוועזען א שענער יונג. ער זאל ניט זיין מאשקעלי גנב, וואלטען זיך אין מאזעפּעווקע, קאן זיין, געפונען א סך מיידלעך, וואס וואלטען מיט פארגעניגען פאר איהם געגאנגען און מע וואלט איהם נאך געגעבען נדן אויך. א סברה איז, אז ביי איינע מיידלעך אין מאזעפּעווקע האט ער שטארק נושא חן געווען אין די אויגען, און איינע זענען טאקי ממש אויסגעגאנגען נאך

מיט טיפען פילאזאפישען פארשטאנד און גענויקייט אין דער דאזיגער ליטעראטור בעווייזט ה' פאמין ווי פאלש עס זענען דעם מחבר'ס מיינונגען, און דערצו האט ער נאך, ניט פאר קיין יודען געדאכט, א קורצען זכרון, פשוט א קאצענקאפ. אין איין ארט בעהויפּט ער, אז יודען טויגען ניט צו פאליטיק און צו פילאזאפיע, און אין דעם אנדערען ארט אין דעם איינענעם בוך פארבייט ער שוין די טענות און זאגט פונקט קאפויר.

ה' פאמין בעווייזט דעם כלומפּרשט געלעהרטען אנטיסעמיט אלע זיינע פעהלערן, נאר אליין בעגעהט ה' פאמין אויך א גרויסען פעהלער, וואס אלע "בעשיצער" פון די יודען טוען איהם שטענדיג. כדי צו בעווייזען ווי פאלש עס איז די מיינונג פון מירע, בעמיהט זיך ה' פאמין צו בעווייזען, אז די גאנצע עטנאלאגישע טהעאריע, אויף וועלכער מירע בויט זיין בוך, איז פון אנהויב אן ניט ריכטיג, די עטנאלאגישע טהעאריע בעווייזט, אז אלע מעלות און חסרונות פון יעדען פאלק, זיין שכל, זיינע מדות און זיין בליק אויף דער וועלט הענגען אב פון ראסען־אונטערשידען און לעבען אין יעדען פאלק כמעט פון זיין געבורט אן. ה' פאמין איז מיט דער מיינונג ניט מסכים און ברענגט אויף זיינע מיינונגען א הסכמה פון געארג בראנדעס: "דער יודישער שכל — ספעציעל יודישער — איז ניט געשטויגען און ניט געפלויגען. עס איז א ליגען, אין וועלכען די פראנצויזען האבען אנגעהויבען צו גלויבען פון א יאהר פינפצעהן, זייט זיי זענען געווארען אנטיסעמיטען". די כונה ה' פאמינ'ס איז געווים צום גוטען: אויב עס איז ניטא קיין ספעציעל יודישער שכל, קאן מען דאך די יודען בעהאנדלען ווי קריסטען. — נאר דער סארט פארטיידיגער איז שוין א ביסל ארויסגעגאנגען פון דער מאדע. די געלעהרנטע פון דער לעצטען צייט בעווייזען, אז יעדעס פאלק האט זיינע בעזונדערע אייגענשאפטען און דער מענשליכער פארטשריט בעשטעהט נאר אין דעם, אז יעדעס פאלק זאל פארברייטערן און ענטוויקלען אין גוטע אופנים זיינע מעלות. געוויס וואלט איין אונפארטייאישע קריטיק, ניט פארבלענדט פון אנטיסעמיטיזם, אויסגעוויזען גאנץ אנדערע מעלות פון יודישען שכל ווי מירע האט געפונען, נאר וואו נעהמט מען א זעלכע ערליכע געלעהרנטע?...

---

ערליך און אמת בעמערקט דער קריטיקער פון "רוסקאיע־באגאטסטווא", רעדענדיג אין Nr. 3 איבער ה' מארגלית'עס "פראגען פון יודישען לעבען" און בערנארד לאזאר'ס "די סאציאלען אויפגאבען פון יודענטום און די יודענפראגע", אז נאר שלעכטע און אונוויסענדע מענשען קאנען אנרופען דאס יודישע פאלק א פאלק פון בעלי־הבתים, בורזשויען. אין דער אמת'ן, דער וואס קען נאר די יודישע לאגע ווייסט וויפיעל דלות און אומגליק פאר'חשכ'ען יעדער ווינקעלע פון יודישען לעבען. די יודען זענען דער ארימסטער פראלעטאריאט־בעטלער צווישען אלע פעלקער. ער איז אפילו מסכים, אז יודען האבען זעהר ליב געלד און האנדעל, נאר בעמערקט, אז דאס איז געווארען מיט דער צייט, און אין דער יודישער תורה און אין אונזערע דינים איז ניט דא דער גייסט פון ליבע צו געלד.

ניט ווילענדיג דערמאהנען מיר זיך אין די זעלטענע ווערטער פון רוסישען פילאזאף סאלאוויאוו'ן: דעם יודענס הייליגטום איז א מאל געוועזען דער בית־המקדש, נאר דער פינסטערער גלות האט איהם געבראכט דערצו, אז זיין הייליגטום זאל ווערען די בירזשע...

---

אין דער צייט ווען קריסטליכע שריפטשטעלער געבען זיך די מיהע ערליך און גרינדליך צו אויספארשען די פראגע פון יודענטום פאר'ן רוסישען עולם, גיט אונז דער "יודישער" ארגאן "איזראעליטא" די ניט שענע ביישפילען פון אונפא־שעמטהייט, אונוויסענהייט און פאלשקייט. זעהר גיך האט ה' R. — דער אנטלאפענער פון ציוניסטישען לאגער — איבער געביטען זיין טאקטיקע, און אין Nr. 17 פון "איזראעליטא" אין דעם ארטיקעל "דער אנהויב פון סוף" האט ער אונז בעוויזען אויף קלאר, וויפיעל דער ציוניזם האט געוואונען מיט דעם

---

איהם, באגראבען טיעף ביי זיך אין הארצען דעם דאזיגען סוד און אוועקגעטראגען מיט זיך דעם סוד אפשר אין קבר אריין.

אויך מיט חיים חסיד'ס טעכטער פלעג זיך מאשקעלי גנב אפט מאל באגעגענען שבת ביי טאג אויפ'ן שפאציר. זיי דורכנעמען דורך און דורך מיט די אויגען, דורס זיין, ווי מע זאגט, מיט דער ראיה. נאר חיים חסיד'ס טעכטער זענען געוועזען אזוי ווייט פון איהם און ער פון זיי, אז ער האט אפילו מורא געהאט צו טראכטען וועגען זיי איין איבעריגע מינוט, חאטש זיי זענען איהם שטארק־שטארק געפעלען, און מעהר פון אלע די יונגסטע פון זיי -- צירעלי.

מיט צירעלין האט ער איין מאל געהאט א באגעגעניש אין א שמאל געסל, שיער שיער ניט אפגעשטעלט זי און געשענקט א קוש. א גליק וואס העניך דער שוחט מיט די פלעשלדיגע פאות איז אקוראט אנגעקומען און האט אנידער געשטעלט זיינע קעלבערנע אויגען אויפ'ן דאזיגען פאר, געקוקט גלאט אזוי, נישט אין זינען צו האבען זיי, אפילו אין דער לינקער פאה ניט.

דאס אנדערע מאל האט זיך מאשקע באגעגענט מיט איהר בשעת ער איז געפאהרען רייטענדיג און זי איז געגאנגען מיט איהרע שוועסטער צום טייך זיך באדען. דערזעהען איהם אויפ'ן פערד, האבען זיך חיימ'ס טעכטער אפגעשטעלט קוקען, ווי מאשקעלי גנב פאהרט רייטענדיג.

מאשקע האט דערזעהען, אז מע קוקט אויף איהם, האט ער אונטערגעפידעלט דאס פערד און האט זיך געלאזט ווי א ווייכער גלייך צום טייך און באלד צוריק, שטארק חשק געהאט פארבינדען מיט זיי א שמועס, נאר ער האט נישט געהאט דאס עזות אנצוהויבען רעדען פריהער איידער זיי וועלען איהם עפּיס פרעגען.

אויך זיי וואלטען וועלען מיט איהם עפּיס א רעד טהון, נאר וואס פאר אפנים האט דאס, אז חיים חסיד'ס טעכטער זאלען רעדען בפרהסיא מיט א מאנסביל, און נאך מיט וואסער א מאנסביל — מיט מאשקעל גנב! און אזוי האט ער זיך ארומגעדרעהט פארביי זיי מיט'ן פערד ל, אפגעפיהרט זיי גלייך ביז צום טייך, זיך ארומגעדרעהט דארט א ביסל און געזעהען, אז זיי קאנען זיך איבער איהם ניט אויסטהון, איז ער אוועק מיט'ן פערד ווייט־ווייט אינטערען שטאדט און איז פארשוואונדען געווארען.

אזאלכע באגעגענישען איז ביי זיי געוועזען אפטליך, אלע מאל אהן ווערטער, און קיין מאל איז צירעלין אויף דער מחשבה נישט געקומען — וואס איז די מעשה, וואס ער פלאנטערט זיך איהר אזוי אפט פאר די אויגען? צירעלי, ווי אלע איבעריגע חיימ'ס טעכטער, איז שוין געוואהנט געווארען, אז מאנסבילען זאלען אויף איהר קוקען. ביי איהר פאטער אין ווינקעלער, איז זי געוואהנט געווארען אויך צו קאמפלימענטען און צו ערגער נאך, למשל: א גלעט איבער דער האנט, א קניפּ אי

וואס אזא „קעמפּפער" איז ארויס פון זיין לאגער. אז ער רופט אן אלע ציוניסטען „משוגעים", „האלב משוגע'נע חיל" — דאס בין איך איהם מוחל. דאקטוירים זאגען — איך וויים דאס ניט, איך בין א פּשוט'ער יוד — אז דער גרעסטער סמן, אז אין אויבערשטען שטאק איז ניט אלץ אין ארדנונג איז דער, אז מען הייבט אן רופען די גאנצע וועלט משוגע... איך וויל זיך אויך ניט אננעמען נארדוי'ס קריוודע, וועלכען ער רופט אן „דער אבער-קלאאון פונ'ם ציוניזם", דער קאנקאן-טענצער אין דער ליטעראטור, „דער גרויער שייגעץ" און נאך אזעלכע ווערטלעך פון ווילנער שולהויף. בין איך קיין יוד ניט, אויב נארדוי'ס בעריהמטקייט אין דער וועלט וועט עפּיס קלענער ווערען פון די זידלערייען אין דעם פוילישען „מה יפית" בלעטל... זעהט איהר, איך האב אפילו יא געוואלט זיך אננעמען פאר אחד העמ'ן, וועלכען ה' R. האט זיך אנגענומען צו פּראטעזשירען, ווארום די פּראטעקציע פון ה' R. איז פאר אחד-העמ'ן געוויס מעהר חרפּה וויפיעל זיינע זידלעריי אויף נארדוי'ן. נאר דאס לאז איך איבער אונזער גאנצער יודישער פּרעסע, וועלכע האט ערשט נאר איין ארבייט „פּרשה אחד-העם און נארדוי", און זענען אזוי פארטאן, אז אפילו די טרויריגע סבה פון די לעצטע טעג קאן זיי פון דעם שטיק ארבייט ניט אבּרייסען...

איין זאך האב איך נאר געוואלט בעמערקען: ה' R. שרייבט, אז נארדוי איז א פיינד פון די פוילען, א האקאטיסט. פארשטעהט איהר וואס מיינט דער פסוק? גאר פּשוט א מסירה'לע אויפ'ן ציוניזם פאר דער פוילישער געזעלשאפט: זעהט, רבותי, דער גאנצער רעדעל-פיהרער פון די ציוניסטען איז אויף אייך, וויעלמאזשני פאניענקא, להרוג ולאבד.·. עס איז שוין איין אלטער ניגון פון דער „גיוווא פּאלס-קא" און דער „איזראעליטא" ברומט איהם ערשט נאך. די דאזיגע בעשולדיגונג איז נאך מעהרער פאלש און נידריגער, דען אין דער „הצפירה" איז געוועזען וועגען דעם א גאנצער ארטיקעל. נאר זעלבסט-פערשטענדליך לייענט ניט ה' R. די „הצפירה". דער פארטיידיגער פון אחד-העם, פארשטעהט נעביך ניט, לא עליכם, קיין צלם פאר קיין

אלף, ער רעכענט אבער פון דעסטוועגען דאס פאר זיין רעכט, זיך אריינצומישען אין דעם „ענין". פאר וואס ניט?

דער פּאפּיער פארטראגט דאך אלץ...

מ. נ. סירקין.

## פּאליטישע ענינים.

— די אונרוהען אין טערקיי הערען נאך אלץ נישט אויף, דער טעלעגראף ברענגט אלע טאג נייע ידיעות וועגען די אונרוהען. אזוינע ידיעות קומען פון מאנאסטיר און איסקיב, וואו די בולגארען מיט די טערקען האבען איינער אויף דעם אנדערען געשאסען און פון ביידע זענען געפאלען טויטע און פארוואונדעטע. די טערקישע רעגירונג ארעסטירט זעהר פיעל פון די וואס האבען גענומען איין אנטייל אין די אונרוהען אין סאלאניקי. די צאהל פון די ארעסטירטע גרייכט ביז 500, דערונטער געפינען זיך 468 לעהרער און 22 פּראפעסארען. דאס רוב ארעסטירטע זענען בולגארען און נאר א גאנץ קליינער טייל דערפון זענען סערבען. די טערקישע רעגירונג האט בעשלאסען די גע-געפאנגענע צו האלטען ארעסטירט ביז ענדע זומער, וואס דענסטמאל האפט זי וועלען שוין די אונרוהען זיין אין גאנצען איינגעשטילט.

— דער סולטאן האט בעקומען פון מעהרערע דיפּלאמאטען א התראה, אז ער זאל געגען די בולגארען, אויף וועלכע ער איז די לעצטע צייט אזוי שטארק אויפגעבראכט וועגען דער מאקעדאנישער מרידה, נישט ארויסטרעטען מיט קיין געוועהר, ווייל דאס וועט ארויס-רופען א מרידה אויך ביי די אנדערע קליינע מלוכות אויף דעם באלקאנהאלבאינזעל און דענסטמאל וועלען אויך די אייראפּייאישע רעגירונגען, וועלכע האבען ביז איצט געשטיצט טערקיי, זייער שטיצע פון איהר צו נעמען. די בולגארישע רעגירונג ווידער בעמיהט זיך צו פועל'ן ביי דער טערקישער רעגירונג, זי זאל אין מאקעדאניע נישט אזוי פיעל מענשען ארעסטירען, דען דערמיט וועט זי דעם צווייטען

בעקל, וכדומה אזעלכע זאכען, וואס די „נאחאלען" קאנען זיך ערלויבען...

נישט אזוי איז דאס אבער פארגעקומען ביי אונזער העלד, ביי מאשקען. מאשקע האט זי ניט ארויסגעלאזט פונ'ם זינען אויף קיין מינוט. צירעלי מיט איהר געשטאלט, מיט איהר שען ליכטיג פּנים מיט'ן קורצען נעזל און מיט'ן ווייסען נוידערל און מיט'ן ווייסען האלז, און איהרע גרויהע, אביסל בייזליכע אויגען, זענען געשטאנען שטענדיג פאר זיינע אויגען, סאי בייטאג אויף דער וואהר, סאי ביי נאכט אין חלום... געפלויגען פייל אויסען בוינען העט ווייט אינטערען שטאדט אויף א ברענענדיג פערד, פלעג ער ניט איין מאל אויסשרייען הויך אויף א קול איהר נאמען; ער האט אויסגעזאגט זיין היילינען סוד פאר'ן שטילען ברייטען פעלד, דערצעהלט פאר די בוימער פונ'ם גרינעם וואלד זיין פארבארגענע ליבע צו חיים חסיד'ס טאכטער און זיך איין עצה געהאלטען מיט'ן קרישטאלענעם טייכל, וואס פליכט אויף יענער זייט וועלדל „וואס טהוט מען?" „וואס טהוט מען?"...

נאר נישט דאס שטילע ברייטע פעלד, נישט דער גרינער וואלד, נישט דאס קרישטאלענע טייכל האבען איהם געקאנט ענפערען, איין עצה געבען וואס מע טהוט. און ער האט א קיצעל געטהאן דאס פערד און איז געפלויגען ווייטער, בכדי צו פארפיהרען ווייט-ווייט זיינע פארבארגענע געדאנקען, זיינע באהאלטענע געפיהלען...

אויב ס'איז געווען אמאל אין מאזעפּעווקע צווישען יודען איינער אזעלכער, וואס האט ליב געהאט באמת מיט דער הייליגער ריינער אמת'ער ליבע, און אהן א שום חשבון און אהן א שום האפנונג, — איז דאס געווען מאשקעלי גנב.

### קאפּיטעל ח

### געהט אוועק אביסל אן א זייט, נאר האט א שייכות מיט'ן ראמאן.

האבען מיר זיך שוין צערעדט פון הויכע ענינים, פון ליבע, בעדארף מען שוין דערצעהלען דאס אויך, אז אונזער העלד, מאשקעלי גנב, האט שוין אויף זיין לעבען „געשפּיעלט א ראמאן" און א טרויעריגען דערצו.

דאס איז געווען אין יענער צייט, ווען ער איז געווען נאך גאר א יונגער בחור און פלעג ערשט אנהויבען ארויספאהרען מיט'ן פאטער, דעם נביא יונה, אויף די ירידים.

געקומען דאס ערשטע מאל קיין יארמעלינעץ אויפ'ן יריד, איז ער פארפאהרען מיט'ן פאטער אין יענעם איינפאהרהויז, וואו סע שטעלען זיך אפּ אלע ליוועראנטען, די פערד הענדלער, פער"ד גנבים און גלאט גנבים, צום מיינסטען יודען מיט מארנע רויטע פּנימער, מיט ברענענ-

מאקעדאנישען עולם נאך מעהר רייצען און די אונרוהען וועלען נאך שטארקער ווערען.

— דעם 7־טען מאי האט דער דייטשער געזאנדטער אונטער־געשריבען דעם פריעדענסטראקטאט צווישען דייטשלאנד און ווענעצועלא.

— די שטאדט טעטואן (מאראקא) איז בעלאגערט פון די דערבייאיגע שבטים, אלע גערטנער הינטער דער שטאדט זענען אפּגעברענט. דער פארטרעטער פון מאראקאנישען סולטאן האט געשיקט נאך טעטואן א מחנה סאלדאטען, צו פארטרייבען פון דארט די מורדים.

— די טערקישע רעגירונג שיקט אידרע סאלדאטען צו בעלא-גערען די אלבאנעזישע שטאדט איפּעק, זי וויל זיך איצט ערנסט נעמען צו די אלבאניער, די אלבאניער אבער שטעהען אויך נישט פון וויטען און בעווייזען געגען די טערקישע חיל גרויס גבורה. פון ביידע צדדים זענען דא פיעל געהרג׳עטע און פארוואונדעטע.

— די טערקישע רעגירונג בעמיהט זיך, אז די אייראפּייאישע רעגירונגען זאלען צוריקנעמען זייערע שיפען, וואס זיי האבען אריינגעשיקט אין סאלאניקער האפען.

— דער רוסישער געזאנדטער אין קאנסטאנטינאפּאל זינאוויעוו פארלאנגט פון דער טערקישער רעגירונג, זי זאל בעפרייען דעם ארעסטירטען מעטראפּאליט פון שטרומניצא.

— איז סאלאניקי האט מען ענטדעקט 400 קילא דינאמיט; דאס פראנצויזישע און רוסישע קאנסולאט זענען אונטערגעמינעט.

— נאסיר פאשא איז מיט 16 באטאליאנען, א באטערי און 4 עסקאדראנען פון מיטראוויצא נאך איפּעק געגאנגען.

— אין אטהען (די הויפּטשטאדט פון גריכענלאנד) האט מען געפונען אין א קעלער ביי א בולגארען, א ברודער פון א בולגאר, וועלכען מען האט נישט לאנג אין סאלאניק געהרג׳עט, 9 דינאמיט באמבעס, אויך אין סאלאניקי האט מען ענטדעקט א סך נייע ערטער, וועלכע זענען געוועזען אונטערגעמינעט.

# נייעס פון דער וואך.

## I. וועלט נייעס.

דער קישינובער גובערנאטאר גענעראל־לייטענאנט פאן־ראאבען איז אבגעזאגט געווארען פון זיין שטעלע.

— אין ווארשא רעכענט מען צו עפענען נאך א קאמערץ־שול פון 7 קלאסען.

— אין פעטערסבורג האט מען איצט אויסגעגאסען נייע גאלדענע מטבעות צו 37,50 רוב. יעדע מטבע, ד״ה 100 פראנק. אין גאנצען האט מען געמאכט אזוינע מטבעות 300 און זענען בעשטימט נאר אלס מתנות פון קייזער.

— אין פעטערסבורג איז געעפענט געווארען א קלוב פון וועגע־טאריאנער (דאס הייסט די מענשען וואס עסען נישט קיין דבר מן החי) דער גרינדער פון דעם דאזיגען קלוב איז גראף ל. ל. טאלסטאי (דער זוהן פון גראף לעא טאלסטאי, דער בעריהמטער רוסישער שריפטשטעלער). דער קלוב האט בעשלאסען ארויסצוגעבען בראשורעס און צו האלטען פארלעזונגען וועגען וועגעטאריאניזם.

- ענדע אפּריל איז אין פאריז געוועזען איין אספה, אויף וועלכע עס זענען זיך צוזאמענגעקומען זעהר פיעל דאקטוירים פון אלע לענדער און מען האט בעהאנדעלט די פראגע ווי מלחמה צו האלטען מיט דער שווינדזוכט־קראנקהייט.

— א סאלדאט אין קישינוב האט זיך געטראפען מיט איינינע מענשען, וועלכע האבען גערעדט טערקיש. נאכדעם ווי די פרעמדע זענען אריין מיט דעם סאלדאט אין א שמועס, האבען זיי זיך דערוואוסט, אז ער איז א טאטער און זיי האבען איהם געבעטען, ער זאל גנב׳נען 10 ביקסען און זיי פארקויפען. דער סאלדאט האט דערויף מסכים גע־ווען און האט נאך גענומען פון די פרעמדע דערויף האנט־געלד. דער סאלדאט האט עס באלד געמעלדעט ביי די העכערע מיליטערישע בעאמטע און מען האט די פרעמדע אויפגעזוכט און ארעסטירט. די פרעמדע זענען געוועזען אלבאניער.

## II. יודישע נייעס.

רוסלאנד. מעהרערע יודען אין קיוב האבען אויף זיך גענומען דאס

דיגע אויגען, ריהרעוודיגע פארשוינען, קלוגע, דורכגעטריבענע, וואס פאר־שטעהען זיך איינס דאס אנדערע אויפ׳ן ווינק.

אויסגעוואכסען צווישען גנבים איז ביי אונזער מאשקען ניט גע־ווען קיין נאווינע די דאזיגע מיני פארשוינען, וואס רעדען אויף זייער איינענע שפּראך און וואס קוקען זיך ארום אלע מינוט אויף אלע פיער זייטען, לעבען אין שטענדיגע פחדים, זענען תמיד גרייט, אז אט אט קומען אן די „שפּארען״ (פאליציי) וועט מען זיי „טעהערען״ (חאפּען) און פארשטעקען אין קאטשומענט אריין...

נאר אזאלכע גנבים ווי ער האט דאס ערשטע מאל באגעגענט אין יארמעלינעק אויפ׳ן יריד האט ער נאך נישט געזעהען קיין מאל. דאס איז עפּיס גאר פלאס־פייער, מלאכי־חבלה און געגוג, די מאזע־פּעוויקער גנבים די זענען יונגלעך, יאלדען *) אקעגען זיי! ער האט אויף זיין לעבען נישט געזעהען דאס וואס ער האט זיך אנגעזעהען דא אין יארמעלינעק; ער האט אויף זיין לעבען נישט געהערט דאס וואס ער האט זיך אנגעהערט דא אויפ׳ן יריד, און מאשקע האט זיך רעכט צו־געקוקט צו די דאזיגע פארשוינען, גוט צוגעהערט צו זייערע לשונות און ער האט משונה הנאה געהאט פון זיין נייע בעקאנטשאפט, געקליבען פארגניגען.

מעהר פון אלע איז איהם געפעלען דער „מיידאנשטשיק״ (דער עלטערער) פון די מרויחערעס (קעשעני גנבים). דאס איז געוועזען איין אלט יודל א געפּאקטס מיט ברייטע פלייצעס, מיט א ברייטע צעלאזטע גרויע בארד, מיט קליינע שטארק רויטע איינעלעך, וואס האבען איהם תמיד געשפּיעלט און געפינקעלט. דער קאפּ איז ביי איהם געוועזען ווי צוגעוואכסען גלייך צו די ברייטע אקסלען אהן א שום האלז, און אז ער האט זיך בעדארפט ארומקוקען האט ער זיך געמוזט אויסדרעהען מיט׳ן גאנצען גוף. אויך די הענט זענען ביי איהם געוועזען מאדנע הענט, ניט ווי ביי אלע מענשען, לאנגע, ברייטע, מיט מאדנע אויסגעבויגענע פינגער ארויף. די דאזיגע הענט מיט די מאדנע פינגער, וואס מאשקע האט אויף זיי אזוי שטארק געקוקט, זענען געוועזען געבענטשטע הענט, זעלטענע אויסגעצייכענטע פינגער, וואס אדאנק זיי האט ער באקומען אזא שענעם נאמען צווישען די גנבים. די דאזיגע הענט מיט די פינגער אז זיי פלעגען זיך ארויפלאזען צו יענעם נאך א משא־מתן (א בייטעלי מיט געלד) אדער נאך א „בימבער״ (א זייגערל), פלעגט ער דאס „שיסען״ (אוועק גנב׳ענען) אזוי גרינג, אז דער „שטימפּ״ (דער באגנב׳עטער) האט נישט געקאנט הערען, מע זאל האבען אכצעהן פאר אויהרען. דער דא־זיגער אלטער איז אין די יונגע יאהרען ניט איין מאל „געצינטעוועט״ (געזעסען) אין דער „קאלאמאזשנע״ (טורמע) מיט אלע „שפּרינגערס״ (וואס שלאגען אפּ שלעסער) און מיט אלע „דערקאטשעס״ (גזלנים),

*) איטליכער וואס איז ניט קיין גנב הייסט ביי גנבים מיט׳ן נאמען „יאלד״.

גאנצע יאָהר נישט צו געהן אין טעאַטער און אויף אַנדערע פֿערגווייליגונגען.

— צווישען די דעלעגירטע אויף דער אלגעמיינער אספה צו פֿערברייטערן אייזען אין רוסלאנד, וועלכע איז געוועזען אין פעטערסבורג, זענען אויך געוועזען איינינע יודען, ווי ה' עפראן, באראן דוד גינצבורג, ה' איזידאר גאלדבערג, שמואל טריינען, וועלכע האבען אייזען־פאבריקען און דרוקען אין רוסלאנד. אויך איינינע יודישע אינזשינירען זענען געוועזען אויף דער אספה.

— איינער פון די דירעקטארען ביי דער חברה יק"א ה' ע. ב. מאירסאהן, וועלכער איז געוועזען אין רוסלאנד מעהר אלס דריי וואכען איז נישט לאנג צוריקגעפאהרען קיין פאריז. ה' מאירסאהן איז געוועזען אין ווארשא, טשענסטאחאוו, פעטערסבורג, מינסק און דובראוונא און האט בעטראכט אלע צדקה־אנשטאלטען, וואס די יק"א אונטערשטיצט.

— די ווארשעווער יודען האבען זיך געווענדעט מיט א בקשה צום מיניסטער פאר פאלקסבילדונג, ער זאל פארגרעסערען דעם פראצענט פון יודישע שילער אין איינעם פון די גימנאזיעס, וואס געפינט זיך ביי די נאלעווקעס און די דערבייאינע גאסען, וואו דאס רוב איינוואהנער זענען יודען.

— די יודישע געמיינדע אין ווארשא האט זיך געווענדעט מיט א בקשה צום קוראטאר פון ווארשעווער ראיאן, ער זאל ערלויבען צו עפענען אויף די קאסטען פון דער געמיינדע שולען צום לערנען פאר די נידריגע קלאסען.

— סוף היינטיגעם יאהר וועט די קייזערליכע טעכנישע געזעלשאפט מאכען איין אספה אין פעטערסבורג, וואו עס וועלען זיך צוזאמענפאהרען די פארשטעהער פון אלע אנשטאלטען און חברות, וואס בעמיהען זיך צו פארברייטען אין רוסלאנד טעכנישע וויסענשאפטען. די פארשטעהער פון דער פעטערסבורגער יודישע חברה „מרבי השכלה" האט מען אויך איינגעלאדען צו קומען אויף דער אספה.

— דאס שטעדטל בערעזשניצא (וואלינער גוב.) איז דעם 23 אפריל געווארען אבגעברענט. פון 100 יודישע הייזער, וועלכע געפינען זיך אין דעם דאזיגען שטעדטל, זענען נאר געבליבען אכט. אויך איז פארברענט געווארען א יודענע פון 60 יאהר.

— דאס הויפט געווינס פון דער סומע 200,000 רובל האט געוואונען איין אלמנה מיט דריי קינדער טויבע פוטערמאן. ווען פרוי פוטערמאן איז געבליבען איין אלמנה, האט זי נישט געהאט פון וואנען צו לעבען און האט געמוזט אנקומען צו איהרע קרובים, וועלכע האבען איהר גערן געשטיצט. אליין האט זי אויך צונויפגעמאכט א ביסל געלד און האט זיך דערשלאגען צו קויפען א וויגרעשנעם בילעט.

**עסטרייך־אונגארן.** אלס ענטפער אויף די פראגען פון די אבגעארדענטע סקעדל און שטרויכער וועגען די יודען אין רומעניע האט דער מיניסטער־פרעזידענט ה' קערבער געזאגט, אז דער מיניסטער דעם אייסערן האלט די בעהאנדלונג פון רומעניע געגען די יודען פאר זעהר נישט שען, אבער ווי לאנג עס איז נישט נוגע די עסטרייכישע יודישע אונטערטהאנען קאן זיך די עסטרייכישע רעגירונג אין דעם נישט מישען.

**ענגלאנד.** אין לאנדאן האבען זיך ווידער אנגעהויבען די אספות פון דער ענגלישער איינוואנדערונגס קאמיסיאן. מען האט פארגערופען פיעל פאבריקאנטען אלס עדות און דאס רוב פון זיי האבען זיך אויסגעדריקט געגען דעם אסור נישט אריינצולאזען קיין יודישע אויסוואנדערער. א פאבריקאנט פון שוך־ווארג האט אויסגעוויזען, אז צוליב די אריינגעקומענע יודען איז די אויסארבייטונג פון שוך־ווארג אסך בעסער געווארען. דאס איינגע האט אויך בעוויזען א קליידער־פאבריקאנט בנוגע צו קליידער. די גאסען־הענדלער האבען געזאגט, אז די איינגעוואנדערטע יודען זענען די בעסטע קונדען.

**איטאליע.** אין דעם איטאליענישען פארלאמענט וויל מען פארלעגען א פראיעקט, אז אלע איטאליענישע אונטערטאנען זאלען רוהען נאר אים זונטאג. דער אויבער ראבינער פון פלארענץ און דער אדוואקאט מ. ווינצי האבען זיך געווענדעט מיט א בקשה, אויף וועלכע עס זענען געחתמ'עט אלע איטאליענישע רבנים, מען זאל לאזען די יודען, וואס רוהען אים שבת ארבייטען זונטאג. די יודישע דעפוטירטע אין פארלאמענט וועלען אויך שטיצען די דאזיגע בקשה.

— דער איטאליענישער קעניג, וועלכער האט פארבראכט דריי טעג אין פלארענץ, האט בעעהרט דעם דארטיגען רב ד"ר ס. ה. מרגליות מיט איין עקסטרא וויזיט. מעהר אלס א האלבע שטונדע האט זיינע מאיעסטעט מיט דעם רב גערעדט.

---

ביז ס'איז איהם נמאס געווארען און ער האט זיך געשטעלט ביי די „מרויחערעס" פאר א מיידאנשטשיק" און האט זיי איינגעגעבען אין גדן אריין זיינס א טעכטערל „סאנקע", וואס האט געהאט בירושה פון איהר פאטער זיינע געבענטשטע הענט מיט זיינע אויסגעצייכנעטע פינגער.

## קאפיטעל ט.

## ער האפט א פאטש נאר אומגערעכט.

„סאנקע" איז אין יענער צייט נאך נישט אלט געוועזען קיין רעכטע פיפצעהן יאהר, נאר אויסגעזעהען האט זי ווי א מיידל פון אכצעהן, געבליהט ווי א יונגע רויז, וואס האט נאר וואס צעלאזט די שענע שמעקענדיגע סאמעטענע בלעטלעך, ארויסגעקוקט אויף גאט'ס וועלט לעבעדיג, פריילעך, מיט אמונה און מיט בטחון, מיט אמונה, אז די וועלט איז א גוטע, א זיסע וועלט, און מיט בטחון, אז די מענשען זענען גוטע, ערליכע מענשען...

סאנקע איז געוועזען א טונקעלע, א שווארצע, נאר א חנעוודיגע, מיט שווארצע געקרייזעלטע האר, מיט שווארצע ברענענדיגע איינעלעך, מיט חנגריבעלעך אין די פעתקע בעקלעך און מיט קליינע ווייסע ציינדלעך, וואס מע האט זיי שטענדיג געקאנט ארויס זעהען, ווארום זי פלעגט זעהר אפט לאכען און מיט איהר געלעכטער מאכען אויך אלעמען לאבענדיג. דארט וואו סאנקע איז געוועזען האט נישט געקאנט זיין אומעטיג; זי האט מיט זיך געטראגען א מין לעבעדיגקייט, א מין פרייליכקייט, וואס האט געקאנט צעטרייבען די גרעסטע מרה שחורה, ווי די זון מיט איהר ליכטיגע שיין גאנץ פריה תחילת זומער בשעת די פייגעלעך קלויבען זיך צונויף זאגען שירה.

נאר איין מאשקע האט זיך געפיהלט מיט איהר עפיס ניט ווי עס געהער צו זיין. עפיס איז זי איהם געוועזען ווי א ביין אין האלז. ניט מחמת ער האט זי ניט געקאנט ליידען, חלילה! אדרבה, דעם גאנצען טאג, וואס זי איז געוועזען „אויף דער ארבייט", האט ער נאך איהר געבענקט ווי נאך איין אייגענער, ווי נאך א שוועסטער. נאר אז זי איז געקומען, זיך איבערגעטאן און זיך געזעצט צום טיש מיט אלע „מרויחערעס", געגעסען, געטרונקען מיט זיי אינאיינעם און געלאכט ווי איהר שטייגער איז, האט דאס איהם געשטאכען אין דער זיבעטער ריפ. און מעהר פון אלע האט איהם געברענט אויף איהר, וואס זי איז געווען צוגעלאזט צו איינעם א יונגענמאן מיט א געשטיפעלט פנים און מיט איין אויג, וואס פון דעסטוועגען איז ער געוועזען א גוטער „שניפער" (א נאכט גנב) און א בריה א „וועשער" (וואס בעגנב'עט שלאפענדיגע). מיט איהם פלעגט סאנקע זיך אפט סוד'ען און ארויסגעהן אפטמאל ביי נאכט „אויף דער ארבייט" — און דאס האט מאשקע ניט געקאנט פארדייען. ער האט זיך עטליכע מאל געקליבען איהר זאגען, איהר פורהאלטען דאס, נאר

ווי דער קעניג איז אריינגעקומען אין רב'ס עמפפאנגס־צימער האט דער רב איהם געבעטען, ער זאל איהם ערלויבען צו בענשען לויט דעם יודישען געזעץ, און דער קעניג האט עס איהם ערלויבט. דערנאך האט ער איהם אויסגעפרעגט וועגען דעם ראבינער־סעמינאריום אין פלארענץ, וויפיעל תלמידים עס האט. צום לעצט האט ער מיט איהם גערעדט וועגען דעם יודישען צושטאנד אין אייראפא. זיינע מאיעסטעט האט געזאגט, אז אין קיין אייראפייאישע מלוכה האבען יודען נישט בעקומען אזוינע גרויסע עמטער אין דער רעגירונג ווי אין איטאליע און האט בדרך רמז אנגעמערקט וועגען דעם לעצטען אומגליק וואס האט פאסירט ביי יודען.

דערנאך האט דער רב איבערגעגעבען דעם חשבון פון דעם ראבינער־סעמינאריום פאר היינטיגעם יאהר, און דער קעניג האט עס מיט דאנק צוגענומען און צוגעזאגט עס דורכצוקוקען.

פאר דעם ארויסגעהן האט דער קעניג דעם רב פריינדליך די האנט געדרוקט.

**רומעניע.** אויף דעם ציוניסטישען קאנגרעס, וואס איז געוועזן אין יאסי, האט מען בעשלאסען צו זאמלען געלד פאר די פאראומגליקטע יודען אין קישינוב.

**האלאנד.** ד"ר ט. לעווינשטיין דער ראבינער פון האג, איז געווארען ראבינער אין קאפענהאגען.

### III. ציוניסטישע נייעס.

— אין אפריל איז אין יאסי געוועזן א קאנגרעס פאר די ציוניסטען פון רומעניע, אויף וועלכע עס זענען זיך צוזאמענגעקומען 74 דעליגירטע, א חוץ נאך פיעל אנדערע ציוניסטען. דער קאנגרעס האט געדויערט צוויי טעג און עס איז בעשלאסען געווארען צו פארשפרייטען די יודישע קולטור אין רומעניע דורך ביכער און צייטונגען.

— די בערלינער ציוניסטען האבען געגרינדעט א חברה „ישוב היהודים במזרח שערי ציון". די דאזיגע חברה איז נישט קיין אפיציעל ציוניסטישע. איהר צוועק איז נאר צו העלפען די יודישע ארימע לייט פון דייטשלאנד צו עמיגרירען אין מזרח־לאנד, וואו זיי וועלען זיך קאנען פארדינען זייער ברויט בהרחבה.

— דער זעכסטער קאנגרעס וועט זיין אין חודש אויגוסט אין באזעל און וועט געדויערען א גאנצע וואך. מען רעכענט אז דער עיקר וועט דארטען בעהאנדעלט ווערען די ידיעה וועגען די אונטערהאנדלונג מיט דער ענגלישער רעגירונג צו בעזעצען יודען אין וואד־על־אריש.

— פיעל קישינובער יודען האבען זיך בעשלאסען צו פארלאזען זייער שטאדט און צו עמיגרירען קיין ארץ ישראל. צו דעם צוועק נעמען זיי צונויף זייער לעצט ביסל פארמעגען און ווילען דערמיט גרינדען א קאלאניע אין ארץ ישראל.

---

## ידיעות פון קישינוב.

— איינער א יונגער מאן איז געלעגען בעהאלטען 2 מעת לעת צוזאמען מיט זיין ווייב און קליינינקע קינדערלעך און מיט א שוואגער אין א גרוב אונטער א הויז, און די גאנצע 2 מעת לעת האט נישט ער נישט די קליינע קינדערלעך געגעסען און נישט געטרונקען, זיי איז גאר נישט געקומען אויף געדאנקען קיין עסען, ווייל דאס לעבען איז געהאנגען ביי זיי אויף א האר.

— איין אלטער יוד האט בעשיצט זיין יונגע 15 יעהריגע אייניקעל געגען די מערדער, דעם אלטען זיידען האט מען שטארק פארוואונדעט, אבער דאס יונגע מיידל האט זיך געראטעוועט.

— דער משפט געגען די פאגראמשטשיקעס האט זיך שוין אנגעהויבען. זיי זענען איינגעטיילט אין דריי קלאסען: 1) קלאס וועלכע זענען בעשולדיגט פאר גנבה, 2) קלאס פאר גזלה און 3) קלאס פאר רציחה. אויף די לעצטע צוויי זענען בעשולדיגט פון 70 ביז 80 מענשען. דערווייל משפט מען נאר די וואס זענען בעשולדיגט פאר גנבות. זיי פארענטפערען זיך כמעט אלע, אז זיי האבען די זאכען געפונען אויף דער גאס און עס געוואלט אוועקטראגען אין דער פאליציי, דערווייל האט מען זיי געחאפט און ארעסטירט. צווישען די בעשולדיגטע איז אויך דא א יוד מרדכי וואסילקאווסקי, וועלכען מען האט פארקלאגט דערפאר, וואס ער האט געשאסען מיט א רעוואלווער כדי איבערצושרעקען די ראביירעס. דער מיראוואי סודיא האט איהם אבער בעפרייט. צווישען די בעשולדיגטע געפינען זיך אויך 13 פרויען.

---

עס האט זיך אלץ ניט אויסגעמאכט. ביז ער האט זי איין מאל געפאקט, בשעת זי איז ארויס געגאנגען איינע אליין אויפ'ן יריד אנגעטהאן אין מאנסבילשע קליידער.

מאשקע האט זי אפגעשטעלט און ס'איז צווישען זיי פארגעקומען אזא מין געשפרעך:

ער „שטעה, איך דארף דיר עפיס זאגען".

זי. „ווער ביזט דו?"

ער. „האסט מיך ניט דערקענט? מאשקע פון מאזעפעווקע, דעם נביא יונה'ס זוהן".

זי. „וואס וועסט דו זאגען, דעם נביא'ס זוהן פון מאזעפעווקע?"

ער. „וואס פאר א מחותן איז מיט דיר אט א יענער שניפער דער געשטיפעלטער"?

זי. „וואס געהט דאס דיך אן, דו יאלד איינער"?

ער. „אט טהו איך איין פייף וועסט דו וויסען וואס פאר א יאלד איך בין".

---

און איידער אונזער מאשקע האט זיך ארומגעקוקט איז איהם געפלויגען אזא שארפער הולכינגער קלינגענדיגער פאטש פון סאנקעס הענטל מיט איהרע אויסגעצייכענטע פינגער. אז ער איז נאר פריטשמעליט געווארען, נישט אזוי פונ'ם פאטש ווי פאר בזיון, אז ער, מאשקע, זאל חאפען א פאטש פון א מיידל! נאר דאס אליין וואלט נאך געוועזן נישקשה, ווען קיינער זאל חאטש ניט וויסען. ערגער פון אלץ איז געוועזן דאס, וואס סאנקע אליין, אז זי איז געקומען פון דער ארבייט אהיים, אויף דער אכסניה, האט זי דאס אויסגעפויקט, דערצעהלט דעם גאנצען עולם, בשעת מעשה שטארק געלאכט, באוויזען איטליכען איהרע ווייסע ציינער.

מאשקע איז גערען געוועזן אז עס האט זיך געענדיגט דער יריד און איז אוועקגעפאהרען מיט'ן פאטע־אהיים, אוועקגעפיהרט מיט זיך אין הארצען דעם פארטרעט פון סאנקעס הענטל מיט איהרע אויסגעצייכענטע פינגער", דעם פארטרעט, וואס ער האט איהם לאנג־לאנג נאכדעם ניט געקאנט פארגעסען, דער פארטרעט, וואס פלעג איהם קומען אפט צו חלום, דערמאנען איהם יענעם שארפען, הולכידיגען, קלינגענדיגען פאטש און יענעם שארפען הולכיגען קלינגענדיגען געלעכטער.

נאר דאס איז געוועזן שוין אזוי לאנג, אז דער פאטש האט זיך פארהיילט און דער ראמאן האט זיך פארגעסען. די צייט איז א וואהלער דאקטאר, וואס פארהיילט אלע וואונדען.

וואס וואלטען מיר געטהאן אהן דעם דאקטאר?!

(פארטזעצונג קומט).

10 בעשולדיגטע זענען אין גאנצען באפרייט געווארען, 10 האט מען צוגע'משפט אנדערהאלבען חדשים אסטראג און 5 אויף 3 חדשים.

— די בעריהמטע אדוואקאטען קופערניק, גרוזענבערג און טורטשאנען זענען געווען אין קישינוב.

— דער יודישער הילפס־קאמיטעט אין בערלין האט צעשיקט א קול קורא צו די דייטשע יודען, אין וועלכען זיי בעטען הילף פאר די קישינובער יודען.

— אין חארקאוו האט מען שוין צונויפגענומען 6000 רובל פאר קישינוב. דאס פאלק ברענגט נאך אלץ צו נדבות.

— אויף דער אספה, וואס איז געווען ביי דער חברה אגודת־אחים אין לאנדאן, האט מען בעשלאסען אויסצוקלויבען א קאמיסיע, וועלכע זאל זיך משתדל זיין צו געפינען מיטלען, ווי אזוי צו העלפען די פארומגליקטע יודען אין קישינוב.

— די יודישע סטודענטען אין זשענעווא (שווייץ) קלויבען נדבות פאר די פארומגליקטע יודען אין קישינוב.

דער זשיטאמירער ראבינער ד״ר סקאמאראווסקי האט בעקומען ערלויבניש פון דעם וואלינער גובערנאטאר צו קלויבען נדבות פאר די קישינובער פארומגליקטע יודען.

— דער באראן ראטהשילד פון פאריז האט געגעבען דער דארטיגער חברה „כל ישראל חברים" צוויי מאל הונדערט טויזענט פראנק פאר די פארומגליקטע יודען אין קישינוב.

— אין לאנדאן איז פאריגען זונטאג געווען א גרויסער מיטינג (אספה), אויף וועלכען עס האבען געהאלטען רעדען קלאד מאנטיפיארע, זאנגוויל און דער קארעספאנדענט פון „טיימס", וועלכער איז צוריקגעקומען פון קישינוב.

— לויט דעם בעפעהל פון דעם גענעראל מוסין־פושקין, וועלכער איז קאמאנדיר פון דאס מיליטער אין אדעסער אקרוג, וועלען די סאלדאטען בלייבען אין קישינוב ביז דעם ערשטען יוני.

— דער ד״ר י. כהן־בערנשטיין אוים קישינוב האט זיך געווענדעט מיט א בקשה צו מעהרערע צייטונגען, אז זיי זאלען מודיע זיין, אז דער קאמיטעט צו העלפען די פארומגליקטע יודען אין קישינוב איז מודיע, אז כדי מען זאל נישט מאכען קיין שווינדעל מיט דעם געלד, וואס מען שיקט אין קישינוב, זאל מען די צונויפגעקליבענע געלד שיקען אויף די אדרעסע פון ד״ר מוטשניק, דער פארשטעהער פון דעם קאמיטעט, אדער אין די רעדאקציעס פון די צייטונגען, וועלכע נעמען אן נדבות צו דעם צוועק, אבער דאס נישט איבערגעבען פריוואט־מענשען, אפילו נישט דענסטמאל ווען זיי געבען ארוים קוויטונגען דערויף.

— אין „הצפה" נומער 102 ברענגט מען די ידיעה, אז שבת פרשת אחרי מות־קדושים האט מען אויסגערופען אין אלע קישינובער שוהלען, אז אלע קישינובער יודען זאלען פאסטען א תענית־צבור דעם קומענדיגען דאנערשטאג און ביז דאנערשטאג זאל ברענגען יעדער יוד, ביי וועלכען עס געפינט זיך שטיקלעך פארמעט פון די צעריסענע ספרי תורות און אין דעם איינענעם טאג זאלען זיך אלע יודען צונויפקלויבען אויף דעם קישינובער בית־הקברות, וואו מען וועט מקבר זיין די שטיקלעך ספרי תורות לויט דעם יודישען דין און מען וועט אויך מאכען דארטען הזכרת נשמות פאר די הרוגים. אויך זאל קיין יודישע דעם גאנצען זומער נישט אויספוצען זיך מיט קיין צירונג. די חתונות, וואס זענען בעשטימט אויף ל״ג בעומר זאלען זיין אהן כלי־זמר.

— דער הילף־קאמיטעט אין קישינוב טוט זעהר פיעל מיט די פארומגליקטע יודען און בעט מען זאל מודיע זיין אין אלע בלעטער, אז לעת עתה איז נישט מעגליך צו דרוקען די נעמען פון אלע וואס שיקען נדבות, מען קאן נאר דערווייל דרוקען איין אלגעמיינעם חשבון.

— פון קיוב איז דערווייל שוין אנגעקומען 20 טויזענט רובל, מען רעכענט אז עס וועט צוזאמענגענומען ווערען ביז 40 טויזענט רובל.

דער בעוואוסטער רוסישער גייסטליכער יאהאן קראנשטאדסקי האט פארעפענטליכט א בריף וועגען דעם פאגראם אין קישינוב, אין וועלכען ער דריקט אויס זיין פארוואונדערונג אויף דאס רוסישע פאלק, וועלכעס צייכענט זיך מיט זיין תמימות און גוטסקייט, „ווי קומט עס צו אזא סארט פאגראם, וואו מען האט נישט זיך בעגנוגט מיט ראבירען יודיש פארמעגען, ווי עס איז געווען אין 1881 יאהר, נאר מיט בלוט פארגיסען אויף אזא אכזר'דיגען אומדערבארעמדיגען אופן? און ווען האט דאס פאסירט? אין דעם הייליגען יום־טוב „פאסחא". דאס האט מען צו פארדאנקען נאר דיווירקונג פון שלעכטע מענשען, וואס רייצען אן אונזער פאלק צו טון אזוינע אכזריות, וואס איז נישט דערהערט געווארען. דאס הארץ פון אונזער גנעדיגען קיסר, וואס זארגט פאר אלע זיינע אונטערטאנען און פאר די רוהע פון פאלק, וועט איהם געוויס וועה טון איבער דעם שרעקליכען בלוטיגען פארפאל. אנשטאט א קריסטליכען יום־טוב האבען זיי געמאכט א מארד־יום־טוב פאר דעם שטן, געמאכט די וועלט פאר א גיהנם. רוסיש פאלק, ברידער מיינע! וואס טוט איהר? וואס זענט איהר געווארען אזוינע אכזרים, וואס בערויבט איהר און הרג'עט מענשען, וואס וואהנען מיט אייך אין איין פאטערלאנד. אה, ווי וואלט כריסטוס אין צארען געוועזען אויף די קישינובער רויבער, וואס מארדען זייערע יודישע ברידער פון זייער שטאדט, רויבען זייער האב און גוטס! זעהט, ברידער, רוסען, וואס טוט איהר? וואס פאר א גייסט, וואס פאר א שד איז אין אייך אריין! טוט קיין שום מענשען קיין שלעכטעס. אונזער עוואנגעליום זאגט אונז: „ליבט אייערע פיינד טוט גוטס מיט אייערע שונאים, בענשט די וואס שעלטען אייך און טוט תפלה פאר די וואס בעליידיגען אייך".

— אין „בערלינער טאגבלאט" איז אבגעדרוקט א רשימה פון די נדבות פאר קישינוב, וועלכע זענען צוזאמענגעקומען אין בערלין דורך דעם „הילפס־פעראיין פון די דייטשע יודען" ביז דעם 15 מאי. די רשימה גרייכט ביז 67 טויזענט מארק.

— די צייטונג »Ю. Об.« שרייבט: דער שטאבס־קאפיטאן ב. דערצעהלט, אז א ראטע סאלדאטען, וועלכע זענען צוריקגעקומען אין קישינוב בשעת דעם פאגראם, האבען זיך, לויט דעם בעפעהל פון זייער קאמאנדיר, אבגעשטעלט ביי א הויז, פון וועלכע עס האט זיך געהערט א שרעקליך געשריי. דער קאמאנדיר פון דער ראטע האט זיינע סאלדאטען געהייסען אויפברעכען דעם טויער און העלפען די אומגליקליכע. אז די סאלדאטען זענען אריין אין הויז האבען זיי דארטען שוין געפונען 2 הרוגים. די איבריגע יודען פון דעם הויף האבען פאר קיין אופן נישט געוואלט בלייבען אליין אהן דעם שוץ פון די סאלדאטען און זענען דעריבער מיט געגאנגען מיט די סאלדאטען צו זיי אין קאזארמע. דער קאמאנדיר פון דער ראטע האט

בעקומען פון די העכערע מיליטער-בעאמטע א „וויגאוואר" דערפאר, וואס ער האט נישט גענומען דערויף פריהער קיין ערלויבניש. אז די ידיעה פון די דאזיגע האנדלונג פון קאמאנדיר איז אנגעקומען אין פעטערסבורג, האט מען פון דארט טעלעגראפירט, אז מען האט איהם דערפאר געשאנקען איין ארדען סט. וולאדימיר פון דער 4־טער מדרגה.

— דאס יודיש רוסיש בלאט „וואסחאד" האט בעקומען פון דער אמעריקאנישער צייטונג »Fornart« 4000 רובל.

---

# דער פראצעס וועגען דרייפוס.

דער געוועזענער מיניסטער־פרעזידענט פון פראנקרייך וואלדעק־רוסא האט איידער ער איז אבגעטרעטען פון זיין שטעלע איבערגעקוקט די געהיימע דאקומענטען וועגען דרייפוסען און האט געשריבען באלד א בריף צו דעם פרעזידענט לובע וועגען דעם. אין דעם דאזיגען בריף שרייבט וואלדעק־רוסא: אין אלע פאפיערען און אקטען געפינט זיך ניט קיין איינציגע שורה, וועלכע זאל שטימען מיט דער גערעכטיקייט און דעם פשוט'ען געזונטען מענשען־פארשטאנד. ווי לאנג איך בין יוריסט האב איך נאך נישט געזעהען אזוינע פוסטע און נארישע דאקומענטען.

זשארעס האט אבגעדרוקט אין דעם פראנצויזישען בלאט „פעטיט רעפובליק" איין ארטיקל, אין וועלכען ער ווייזט אויף, אז מען וועט מוזען אויספארשען פון נייעם דרייפוסעס פראצעס. איך קאן מודיע זיין אלע, וואס שרעקען זיך פאר דעם אמת, אז קירצליך וועל איך האבען נייע בעווייזע אין דער זאך, וואס וועט דערקלערען א סך זאכען. עס וועט גאר נישט לאנג געדויערען און איך וועל קאנען דערצעהלען אויף קלאר ווי אזוי דער קריגס־מיניסטער בשעת דעם ערשטען משפט פון דרייפוס גענעראל מערסיע האט זיך בענוצט מיט דעם בארדערא, וואס איז געוועזען בעצייכענט מיט פאלשע נאכגעמאכטע בעמערקונגען פון דייטשען קייזער. צי וועלען אויך דענסטמאל שווייגען די וואס שווייגען היינט, ווען זיי וועלען מוזען שווערען פאר דעם העכערען סוד?

— דאס נאציאנאליסטישע בלאט »Patrie« שרייבט, אז עס האט זיך שוין געענדיגט די חקירה ודרישה וועגען דרייפוס דורך דעם קריגס־מיניסטער. דער מיניסטער וועט איבערגעבען דעם רעזולטאט פון דער חקירה ודרישה צום קאסאציאנס־געריכט און דער דאזיגער געריכט וועט דרייפוסען צוריקגעבען זיין פריהערדיגען רעכט און כבוד. דרייפוס און פיקאר וועלען ווידער אריין אין מיליטער־דיענסט.

---

# א מעשה מיט א הונגריגען

פון דוד פינסקי.

(פארטזעצונג פון נומער 19).

ער איז אבגעשלאפען א היבשע צייט. עס איז שוין געוועזען פינסטער, ווען די פיס האבען זיך צוריק אראבגעלאזען פון בעט, ער האט זיך גלייך דערמאנט, אז ער איז בייז, און דערפיהלט די בייזקייט. נאר ער איז געוועזען מיד און שוואך. אזוי שוואך, אז ער וואלט שוין גאר נישט אויפשטעהן און ליגען. „א שטיקל ברויט!" זיין פארצווייפעלטער בליק האט ארומגעבלאנדזיעט איבער'ן צימער, און עס האבען זיך איהם פארגעשטעלט א סך זאטע הייזער, א סך קוכען, א סך לייבלעך ברויט. נאר ער איז געבליבען זיצען, ווייל ער האט נישט געוואוסט, נישט אנגעהויבען צו וויסען, ווי קומט מען צו זיי צו.

ענדליך האט ער א טראכט געטאן: „ביי דער שטימער מכשפה!"

ער האט זיך אויפגעהויבען פון דעם דרייפיסיגען בעט און איז אריין צו דער בעל־הבית'טע אין צימער. די קופע שמאטעס איז געזעסען ביים טיש, פאר א קליינעם נאכטלעמפעל אהן א גלאז, איבער א קווארט וואסער, אין וועלכער עס זענען געוועזען אנגעבראקט שטיקלעך פארדארט ברויט.

ער איז צוגעגאנגען צו דער אלטער און בעוויזען איהר אויף די פינגער, אז ער איז שטארק הונגעריג און וויל א שטיקל ברויט. זי האט שטארקער צוגעדרוקט צו זיך די קווארט און אנגעהויבען בייז צו בילען דאס האט געהייסען, אז זי האט אליין נישט און גלאט וויל זי איהם נישט געבען, ווייל ער האט זי פריהער א ווארף געטאן און אריבערגעטראטען איבער איהר און ווייל ער בענעהט זיך נישט ערליך און האט נישט בעצאהלט אנדערטהאלב רובל דירה־געלד פאר צוויי חדשים. ער האט גוט געוואוסט, וואס בעדייט איהר בילען, און געקוקט אויף איהר, ווי ער וואלט זיך מישב געוועזען, וואס צו טון מיט איהר. און גלייך האט ער זיך דערמאנט, אז ער איז בייז, אז היינט איז איהם אלץ—וואנצען. ער האט גאנץ קאלטבלוטיג ארויסגעריסען די קווארט פון איהרע הענט, ארויסגענומען א שטיקל ברויט און אריינגעשפארט אין מויל. די שמאטעס האבען איהם ארומגעחאפט מיט א שרעקליכען יאמערליכען בילען און געצויגען זיך צו דער קווארט. ער האט אויפגעהויבען די קווארט אין דער הויך און געקיים. דער ערשטער ביסען האט איהם צערייצט. ער האט אנגעהויבען שנעלער צו עסען; ער האט כמעט געשלונגען נישט געקייטערהייט. די אלטע האט געבילט און געוואיעט מיט אלע כחות און געשלעפט איהם די הענט. ער האט זי א שטופ געטאן. זי איז געפאלען אויף די קניע. האט ארומגעחאפט זיינע פיס און מיט א ווילדען סאפען און חראפען איינגעגעסען זיך אין זיי מיט איהר מויל, אין וועלכען עס זענען געשטאנען נאר צוויי זייטיגע ציינער. ער האט זי צוגעדרוקט מיט די קניע צו דער ערד און ארויפגעזעצט זיך אויף איהר. די אלטע האט זיך נישט געקאנט א ריהר געבען.

איצט וועט ער רוהיג עסען.

נאר ער האט אריינגערוקט די האנט אין קווארט און גאר נישט געפונען. ער האט שיער נישט אויסגעשריגען פאר ווילדקייט, דאס הארץ האט אנגעהויבען צו שפרינגען אין איהם, די אויגען האבען אויסגעפונקעלט. עס האט זיך איהם פארוואלט עפיס טון. ער איז אויפגעשפרונגען פון דער אלטער און ווילד אויסגעשריגען:

„נאך ברויט, מכשפה!"

ער האט זי דערביי א שטויס געטאן מיט'ן פוס, אויסגעגאסען אויף איהר די קווארט וואסער און גענומען זוכען ברויט. ער האט געהאלטען אין איין זוכען. ער האט איבערגעקעהרט דעם אלטען קאסטען, צעווארפען דאס בעט, צעבראכען דעם איינציגען שטול. ער איז געוועזען ווילד, ער האט נישט געוואוסט, וואס ער טוט. די אלטע האט איהם אנגעחאפט און גענומען שלעפען מיט'ן גאנצען כח צו דער

טיר מיט אימה'דיגע קולות. מיט'ן גאנצען כח האט ער זי אבגעשטויסען פון זיך. די אלטע איז געפאלען מיט'ן קאפ אן אויבען און האט משנה'דיג אבגעקרעכצט. איהר קרעכץ האט איהם געבראכט צו זיך. ער האט זיך דערשראקען און איינגעהאלטען דעם אטעם. ער האט געמאכט א טריט צו דער אלטער—צי לעבט זי? די אלטע האט אנגעהויבען אויפצוהייבען זיך. ער האט פרייער אויפגעאטעמט און איז ארויסגעלאפען פון שטוב.

ער איז געוועזען מיד און צעבראכט. עס האט זיך איהם געוואלט וויינען. ער האט זיך געשעמט פאר דעם גאנצען פארפאל מיט דער אומגליקליכער טויב־שטומער, ער האט בייא איהר אבגענומען איהר עלענדע וועטשערע און שיער נישט געטייט זי. און דער הונגער איז נאך גרעסער ווי ער איז געוועזען. א־א־אך!

ער האט צוגעשפארט ביידע קולאקעס צום מויל און אנגעהויבען בייסען. דער וועהטאג איז שוין געוועזען שטארק, און ער האט נאך געביסען. ער האט געוואלט „דערהערען דאס הארץ"...

עס האט זיך אויפגעעפענט די טיר און די אלטע האט ארויס־געקוקט. אויף די פינסטערע טרעפ איז געפאלען א קליינער שיין און צעלעגט זיך ווי א גרויער פאס איבער איציע'ס ריקען. אבער די אלטע האט איהם נישט געזעהן און ארויסגעלאזען נאך דעם כלומר'שט פארשוואונדענעם א פאר בייזע אויסגעשרייען שניידענדיגער ווי די וויסטעסטע קללות. איציע האט זיך א טרייסעל געטאן, אויפגעהערט צו בייסען די הענט און געבליבען שטעהן אהן א בעוועגונג, איינהאלטענדיג דעם אטעם. די אלטע איז צוריק אריין אין שטוב און האט פארשפארט די טיר, „אויפ'ן גאס געבליבען!" איז בייא איהם תיכף דורכגעפלויגען אין קאפ. עס איז איהם ווארם געווארען אין מח. ער האט געוואלט בעגרייפען, וואס וועט ווייטער זיין, נאר ער האט גאר נישט געזעהען פאר זיך. עס האט זיך איהם פארוואלט פארנאנדערדרייסען די טיר, אריינגעהן אין שטוב, לעגען זיך און בלייבען ליגען. ער האט שוין צענויפגעדרוקט די פויסטען. נאר ער האט א שטארקען קלאפ געטאן אין טיר און איז געשווינד אראבגעלאפען די טרעפ. ערשט אונטען האט ער א קלער געטאן: „צו וואס איז דאס געוועזען?"

עס האט געשנייט און א שטארקער ווינט האט געפייפט און געוואיעט. איציען איז דורכגעגאנגען א קעלט איבער'ן גאנצען קערפער, און עס האט איהם אנגעהויבען צו טרייסלען און ווארפען א צאן אן א צאן. ער האט זיך צענויפגעדרעהט און איינגעבארציעט אין זיין צעריסענעם וואטעווען פאלטא, פון וועלכען עס האבען זיך געשלעפט גאנצע פרענז פון געוואנד, אונטערשלאג און וואטע. ער האט פארצווייפעלט אבגעקרעכצט און א טרעט געטאן צוריק אין דעם ארייננגאנג פון הויז. עס האט איהם פארחאפט דאס הארץ און ווידער האט זיך איהם פארוואלט וויינען, וויינען. „וואס וועט זיין, וואס?" נאר ער זעהט קיין ענפער נישט, ער וועט היינט פארפרארען ווערען אדער פון הונגער אויסגעהן. „אך, עסען! עסען, עסען, עסען!"

ער האט זיך אומגעקוקט. ער איז געשטאנען נעבען א קעלער, אויף וועלכען עס איז געהאנגען א שווערער שלאס. ער האט אוועק־געלעגט די האנט אויפ'ן שלאס, נישט טראכטענדיג וועגען גנבה. נאר דערפיהלענדיג דאס קאלטע אייזען, האט ער א טראכט געטאן, אז עס וואלט גוט געוועזען אבברעכען דעם שלאס און אריינמאכען זיך אין קעלער. ער האט א ציה געטאן דעם שלאס. ניין, דאס איז נישט פאר זיינע כחות. ער פרובט נאך א מאל און ענדליך קלויבט ער צונויף אלע זיינע כחות און גיט א ריס.

עס האט נאר געגעבען א שטארקען קלאפ און מעהר גאר נישט. ער האט זיך אבער דערשראקען פאר'ן קלאפ. ער האט זיך אומגעקוקט און אויף גיך פארלאזען דעם אריינגאנג פון הויז.

האט ער דען טאקי געוואלט גנב'ענען? און אז ער וואלט אבגעריסען דעם שלאס, וואלט ער טאקי אריינגעהן און גנב'ענען? ער האט זיך דאס נישט געקאנט פארשטעלען. אין ארעמקייט געבארען. אויפגעוואקסען אין א יתום־לעבען פון עלענד און רדיפות, האט זיך בייא איהם קיינמאל נישט אויפגעהויבען די האנט אויף פרעמדם. „סקאנדאליסט" האט מען איהם גערופען, און „רשע מרושע" האט מען איהם גערופען, ווייל ער האט פיינט געהאט צו פארשווייגען, ווען מען האט איהם אנגעריהרט, און אלע זענען איהם געוועזען שונאים. אבער דאך האבען אלע געזאגט, אז מען מעג אוועקלעגען פאר איהם אפילו געלד. און יעצט וואלט ער אריינגערוקט די האנט און געגנב'עט! אין דער פריה האט ער אויך געטראכט וועגען גנב'ענען. ווי?! ער וואלט טאקי געגנב'עט? און אפשר יא. אך, ער וויל דאך אזוי עסען! „עסען, עסען, עסען!".

(ענדע קומט).

---

# חורבן ביתר

(ענדע פון נומער 18).

דענסטמאל איז אין ארץ ישראל געוועזען דער אכזר און בלוט־גיריגער טיניוס־רופוס אלס פארטרעטער (נאמעסטניק) פון רוים. איבער זיין מורא'דיגע אכזריות האבען איהם די יודען גערופען: טיראנוס־רופוס. אט דער נאמעסטניק האט אנגעהויבען פיהרען מלחמה מיט בר כוכבא'ן, נאר ער האט געמוזט מיט שאנדע אבטרעטען, ווייל זיינע חילות זענען געוועזען ווי גאר נישט אקעגען בר כוכבא'ס גבורים. ביס־לעכווייז האט טיראנוס־רופוס געלאזען די בעפעסטיגטע שטעדט פון ארץ ישראל און פיפציג פעסטע שטעדט זענען געפאלען אין די יודישע הענט, אויסער הונדערטע אפענע שטעדט און דערפער. די רוימער האבען פארלאזען ארץ ישראל און די יודען זענען דענסטמאל געווארען די בעלי־בתים אין זייער לאנד, און האבען טריי געדיענט זייער גאט און אבגעהיט זייער אמונה.

אפילו די פחדנים, וואס האבען זיך געשראקען פאר אדריאנוסעס גזרות, האבען בעקומען מוט און האבען באלד מל געוועזען זייערע קליינע קינדער און אבגעהיט אלע אנדערע מצות, וועלכע זיי האבען ביז איצט מחמת שרעק נישט געהיט.

אונטער בר כוכבא'ס פאהן האבען זיך געזאמעלט ניט נאר יודען אליין, נאר אויך די שומרונים, וואס די גזרות וועגען מילה און שבת האבען זיי אויך שטארק אנגעריהרט. אויך פיעל פון די גוים, וואס האבען שוין אויך ניט געקענט מעהר אריבערטראגען דעם יאך פון רוים, זענען צוגעשטאנען צו בר כוכבא'ן און זיין חיל איז אלץ געווארען גרעסער און וואו ער האט זיך געווענדט האט איהם בעגליקט.

נאר די מינים *) האבען ניט געוואלט גלויבען, אז בר כוכבא איז משיח. בר־כוכבא האט זיי געוואהנליך ניט געשאהנט און האט זיי געניימ אנצונעמען די ריינע יודישקייט, און די וואס האבען ניט געוואלט האט ער באפוילען צו שלאגען מלקות. דערפאר האבען אויף איהם די מינים אויסגעטראכט כל מיני שקרים אין זייערע ספרים, האבען געזאגט אז ער איז געווען א מכשף און פלעגט אנצינדען פלאקס אין מויל, בכדי צו שפייען מיט פייער און שרעקען דעם המון און נאך אזעלכע שקרים.

די תלמוד־יודישע לעגענדע דערצעהלט וועגען זיין גבורה אזוי: אז ער פלעגט צונעמען מיט זיינע קניה די שליידער־שטיינער, וועלכע די רוימער פלעגען ווארפען אויף איהם און פלעגט זיי צוריק שליי־דערען מיט אזא כח, אז פון די רוימער פלעגען פאלען טויט פיעל מענשען. עס פארשטעהט זיך, אז דאס איז מעהר ניט ווי א מליצה, נאר דערפון קאן מען פארשטעהן, אז ער איז געווען א גרויסער גבור.

נאך דעם אז בר כוכבא האט ארויסגעטריבען די רוימער פון ארץ ישראל, האט ער נאר געבראוכט צו בעצווינגען די הויפטשטאדט ירושלים, און נאך דעם, אז ער האט דעם דאזיגען וואונש זיינעם אויך דערלאנגט, האט ער באפוילען צו גיסען יודישע מטבעות, אנ־שטאט די רוימישע מטבעות, וועלכע זענען געגאנגען אין ארץ ישראל זייט רוים האט אנגעהויבען הערשען אויף יודען. אויף בר־כוכבא'ס מטבעות זענען געווען אויסגעקריצט בילדער, וואס האבען יעדען יודען דערמאנט אן זיין פרייהייט: א וויינשטאק אדער צווייגען פון א טייטעלבוים, צוויי טרומייטען און א ציטרע (אזא מין כלי־זמר). אויך דער נאמען: „שמעון" און דאס יאהר, וואס אין איהם זענען זיי פריי געווארען פון רוים. אייניגע פון יענע מטבעות געפינען זיך נאך איצט אין די גרויסע מוזעאומס.

ארץ ישראל איז געווארען ווידער א פרייע מלוכה, די יודישע אמונה און תורה האבען איצט אנגעהויבען בליהען. פיעל בתי־מדרשים זענען געגרינדעט געווארען און טויזענטער תלמידים זענען געקומען אין זיי צו הערען גאטס ווארט. די תלמוד־יודישע לעגענדע דערצעהלט, אז אין דער שטאדט ביתר זענען געווען 400 שולען און אין יעדער שולע 400 מלמדים און ביי יעדען מלמד 400 תלמידים. עס פארשטעהט זיך, אז דאס איז א גוזמא, דאך אין יעדען פאל ווייסען מיר דערפון, אז די צאהל פון די שולען און שילער איז דאמאלס געווען זעהר גרויס. די אויפבליהונג פון דער תורה בעווייזט, אז בר כוכבא האט ליב געהאט די יודישע אמונה און תורה.

צוויי יאהר האט געדויערט בר־כוכבא'ס רוהיגע מלוכה. אדריאנוס האט שטארק פארדראסען, אז איינע פון זיינע פראווינצען איז ארויס פון זיינע הענט און ער האט זיך קיין עצה ניט געקאנט געבען. דעמאלט האט ער גערופען זיין בעריהמטען פעלדהער יוליוס סעווערוס, וועלכער האט צו יענער צייט מלחמה געהאלטען מיט די בריטען (פארצייטיגע ענגלענדער) און ער האט איהם געשיקט מיט א גרויסען חיל אין ארץ ישראל אבצורעכענען זיך מיט די יודען.

קומענדיג קיין ארץ ישראל האט סעווערוס דערזעהען, אז אלע פעסטונגען זענען אין די יודישע הענד, אז דאס יודישע חיל איז שטארק און זייער פיהרער בר כוכבא איז א העלד און א בעל מלחמה, האט ער פארשטאנען, אז אויף דעם פעלד וועט ער מיט די יודען גאר נישט מאכען, האט ער אנגעהויבען פיהרען מיט די יודען קליינע קריעג אין פיעל ערטער מיט אמאל, בכדי זיי שלאף צו מאכען און אויסהונגערען, ביז זיי וועלען אליין עפענען פאר איהם זייערע פעסטונגען.

דריי זעהר שטארקע פעסטונגען זענען געווען אין צפון פון ארץ ישראל: כבול, כפר־שיחים, מגדלא; און דריי פעסטונגען אין מיטען לאנד: כפר דבריא, כפר ביש און כפר שחלים. אט צו די זעכס פעסטונגען האט סעווערוס געפיהרט זיין חיל, האפענדיג אז ווען זיי וועלען בעצוואונגען ווערען, וועט איהם לייכט זיין צו קומען מיט זיינע חילות טיעף אין דעם לאנד.

פון דער רגע, וואס סעווערוס האט זיך בעוויזען אין ארץ ישראל הויבען זיך אן בר־כוכבא'ס און זיין חילים גבורות, וועלכע האבען צו זיך קיין גלייכען ניט אין דער היסטאריע. צווישען בר־כוכבא'ס לייט איז געווען איינער בר־דרומא, א גרויסער גבור און א העלד, וועגען וועלכען די תלמוד־יודישע לעגענדע דערצעהלט, אז יעדער שפרונג, וואס ער פלעגט געבען, איז געווען אויף א ווערסט ווייט. געוועהנליך קאן מען דערפון עטוואס אראבלאזען, ווייל מיר ווייסען די טבע פון א לעגענדע יעדער זאך מגזם צו זיין. אויסער איהם זענען געווען אויך די בעריהמטע העלדען פאפוס און לוליינוס מיט בר־כוכבא'ן, און א האלבער מיליאן שטארקער, יודישער גוט געארדענטער חיל זענען גרייט געווען יעדע מינוט צו בעפאלען אויף די רוימער און מאכען פון זיי א תל.

ווי אזוי האבען ווידער די יודען געהאט דאס אומגליק אונטער געטעניגט צו ווערען? נאר דא האט זיך אריינגעמישט די אלטע יודישע שלעכטע מדה קנאה. און וואו קנאה מישט זיך אריין דארט איז שוין קיין אחדות ניטא און דאמאלס איז אונז גובר דער שונא.

בעת סעווערוס האט בעלאגערט די פעסטונגען אין גליל איז געווארען א שטארקע שנאה צווישען די קאמענדאנטען פון כבול, שיחין און מגדלא און זיי האבען איינע די אנדערע ניט געוואלט העלפען. דריבער זענען די דריי פעסטונגען אריין געפאלען אין סעווערוס'עס הענט. נאכדעם האט זיך דער רוימישער חיל געשלאגען מיט שמעון בר כוכבא אין דעם טאל בית רימון. אין דער מלחמה זענען טויזענ־טער מענשען געפאלען פון ביידע זייטען און די יודען מיט אלע זייערע גבורות און וואונדער, וואס זיי האבען בעוויזען אין דעם גע־שלעג, האבען דאך ניט געקאנט גובר זיין די רומאים, וועלכע זענען געווען פיעל מעהר פאר זיי.

באלד נאך דעם געשלעג איז סעווערוס געקומען מיט זיין חיל אין דער גרויסער שטאדט טור־שמעון און האט דארט געהרגעט טוי־זענטער יודען. די לעגענדע דערצעהלט, אז די שטאדט איז געווען אזוי גרויס, אז בעת אין איין עק שטאדט האט זיך געגאסען טייכען בלוט און דאס געשריי פון די געטויטע איז אויפגעגאנגען ביז דעם הימעל איז אין דעם צווייטען עק שטאדט געווען שמחה וששון, ווייל זיי האט זיך גאר ניט געגלויבט, אז דער שונא איז שוין אין שטאדט.

אין דער צייט איז געשטארבען דער גבור בר דרומא, אבער ניט אויף דעם פלאץ פון מלחמה, נאר פון א קרענק, און דאס האט

*) אזא רעליגיעזע סעקטע צווישען יודען, וואס האבען נאכדעם אין גאנצען פארלאזען יודישקייט.

זעהר פיעל געווירקט, אז די רוימער זאלען גובר זיין. אונ אזוי זענען ביסלעכווייז געפאלען אלע פעסטונגען אונטער דער האנט פון די רוימער. נאר איין שטארקע פעסטע שטאדט איז געבליבען בר כוכבא'ן, וואס איז בעוואוסט אין דעם תלמוד מיט דעם נאמען „כרך ביתר". די בעלאגערונג פון דער שטאדט האט געדויערט זעהר א לאנגע צייט אונ דיזע מלחמה איז געוועזען די לעצטע, וואס יודען האבען מלחמה געהאלטען מיט זייערע פיינד אין זייער לאנד אונ דעריבער איז זי אזוי שטארק בעוואוסט אין דער יודישער היסטאריע אונ דורך איהר זענען ביי אונז די טעג פון ספירה טעג פון אבלות.

די שטאדט ביתר איז געוועזען זעהר א גרויסע אונ א פעסטע. איהרע איינוואהנער זענען געוועזען פארזיכערט, אז דער שונא וועט צו זיי ניט אריין קומען. אפילו די פיעלע תלמידים, וואס האבען געלערנט אין די בתי מדרשים, האבען זיך בעריהמט, אז „אויב דער פיינד וועט צו אונז קומען וועלען מיר איהם מיט אונזערע טייטלען דערשטעכען". אין דער שטאדט האט זיך בר כוכבא פארשפארט אונ פון איהר פלעגט ער אפטמאל זיך ארויסחאפען מיט זיינע לייט אונ פלעגט אנטון צרות אין דעם פיינדס לאגער.

א גאנץ יאהר איז געשטאנען סעווערוס ארום דער שטאדט אונ האט גאר נישט געקאנט מאכען. אונ ער וואלט טאקי גאר נישט געקאנט טון, ווען ניט דער הונגער אונ דארשט, וואס זענען געווארען אין שטאדט, וואלטען איהם ניט העלפען. אונטער דער מויער פון ביתר זענען געוועזען היילען אונ טונעלען, וואס דורך זיי פלעגען זיך די בעלאגערטע בעקומען שפייז אונ וואסער. די רומאים האבען געוואהנליך ניט געוואוסט פון די היילען אונ אזוי וואלטען זיי געשטאנען אונטער דער שטאדט ווער ווייסט וויפיעל אונ וואלטען מוזען סוף כל סוף שליסען פרידען מיט בר כוכבא'ן. נאר צום אומגליק האבען זיך צווישען די בעלאגערטע געפונען פאלשע מענשען, וועלכע האבען ענטדעקט סעווערוסען דעם סוד, פון וואנען יודען בעקומען שפייז אונ ער האט פארשטאפט די היילען אונ א שטארקער הונגער האט אנגעהויבען הערשען אין שטאדט.

דער אלטער תנא רבי אלעזר המודעי, וואס איז דענסטמאל געוועזען אין ביתר האט געפאסט אונ מתפלל געוועזען, אז גאט זאל זיך מרחם זיין אויף זיין פאלק אונ זאל ניט איבערגעבען די שטאדט אין דעם פיינדס האנט. דער בטחון, וואס די איינוואהנער פון ביתר האבען געהאט אויף די הייליגקייט אונ דער תפלה פון אט דעם זקן, האט זיי געגעבען מוט אריבערצוטראגען זייערע צרות אונ פלעג'ן אפט נאך בעפאלען סעווערוסעס לאגער.

צווישען בר כוכבא'ס מענשען האט זיך געפונען אפאלשער מאן אשמרוני, וואס האט זיך ארויס געגנב'ט פון שטאדט אונ איז געקומען צו סעווערוסען אונ האט איהם מבטיח געוועזען איבער צו געבען אין זיינע הענט די שטאדט. אונ אז סעווערוס האט איהם געפרעגט: „מיט וואס פאר א תחבולה?" האט דער שמרוני געזאגט:

— „כל זמן אז אט די הוהן (רבי אלעזר מיינט ער) וועט זיך וואלגערן אין איהר אש (וועט פאסטען) וועט די שטאדט ניט בעצוואונגען ווערען".

נאכדעם איז דער שמרוני געקומען צוריק אין שטאדט שטילערהייט אונ האט זיך געשטעלט נעבען רבי אלעזר'ן בעת יענער האט געדאווענט אונ האט איהם געזאגט אפאר ווערטער אין אויער. די יודען, וואס האבען חושד געוועזען די שמרונים אין אונגעטריישאפט אונ האבען געוואוסט, אז די חכמים זענען אויך ניט צופרידען מיט דער מלחמה האבען דערצעהלט בר כוכבא'ן, אז רבי אלעזר האט עפיס סודות מיט דעם שמרוני. בר כוכבא איז זעהר אויפגערעגט געווארען, אז ער האט דערהערט אט די ווערטער אונ האט בעפאהלען ברענגען צו איהם דעם שמרוני אונ האט איהם געפרעגט, וואס פאר עסקים האט ער מיט רבי אלעזר'ן. האט ער געענטפערט: „וועה איז מיר אז איך וועל זאגען, אונ וועה איז מיר אז איך וועל ניט זאגען: וועל איך זאגען, וועט מיך הרג'נען סעווערוס; וועל איך ניט זאגען, וועסטו מיך הרג'נען".

דערהערענדיג די ווערטער, איז בר כוכבא אנגעצונדען געווארען אונ האט גערופען צו זיך רבי אלעזר'ן אונ האט איהם געפרעגט: „וואס האט דיר געזאגט דער שמרוני?" רבי אלעזר האט אבער געענטפערט, אז ער ווייסט ניט פון וואס צו זאגען. נאר בר כוכבא האט געמיינט, אז דער אלטער מאן, וואס איז מתחלה געוועזען א געגנער פון דער מלחמה פערלייקענט דעם אמת, האט בר כוכבא איהם פון כעס געגעבען א שטארקען שטויס. פארשטעהט זיך, אז דער שלאפער זקן, וואס האט אזוי פיל צייט געפאסט האט ניט געקאנט אריבער טראגען בר כוכבא'ס שטארקען קלאפ אונ איז טאקי אויף דעם ארט געשטארבען. נאך זיין טויט האט בר-כוכבא פון פארדרוס, וואס ער האט אומגערן געהרג'ט דעם צדיק, פערלארען זיין מוט. דאס פאלק האט אויך אנגעווארען דעם בטחון אין זייער מלחמה אונ אז זיי פלעגען בעפאלען די רוימער האבען זיי זיך געשלאגען אן גבורה אונ יעדעס מאל פלעגען זיי די רוימער גובר זיין.

אין אלע מלחמות, וואס די יודען האבען געהאט מיט די רוימער פון פסח ביז שבועות האט זיך דאס גליק פון דער מלחמה אפגעקעהרט פון די יודען אונ אין דיזער צייט זענען געפאלען טויט אויף דעם פלאץ אלע טויזענטער פון רבי עקיבא'ס תלמידים. אויסער איין טאג, ל"ג בעומר, האט די יודען געגליקט אין זייער מלחמה מיט דעם שונא. דער סוף איז געוועזען, אז בר כוכבא איז געפאלען טויט אונ דער פיינד איז אריין אין דער שטאדט ביתר אים תשעה באב, א טאג וואס אין איהם זענען יודען מוכן צו פרעניות פון תמיד אן. אט דאס איז דער טעם, וואס יודען זענען טרויעריג אין די טעג פון ספירה.

די לעגענדע דערצעהלט, אז כשעת א שמרוני האט אנגעזאגט די בשורה סעווערעסון וועגען בר-כוכבא'ס טויט האט ער ניט געגלויבט אונ מען האט איהם געבראכט בר-כוכבא'ס קערפער, האט מען געפונען א שלאנג ארומגעוויקעלט ארום זיין גוף. האט סעווערוס געזאגט, אז ניט אנדערש נאר די שלאנג האט בר כוכבא'ן געטויט, אבער ניט קיין מענשענס האנט.

אט דאס איז געוועזען דער סוף פון דער לעצטער יודישער מלחמה, א מלחמה, וועלכע האט שוין מעהר ניט ערשיינט אין יודישען לעבען, ווייל קיין צווייטער בר כוכבא איז ביי אונז מעהר ניט אויפגעשטאנען, אבער דער זכר פון איהם האט אונז תמיד ערמונטערט אין אונזער לאנגען גלות, אז מיר זאלען ניט פארליערען אונזער האפנונג אויף אונזער גאולה, נישט מיט מלחמה, נאר דורך לייכטערע אונד רוהיגערע דרכים.

שלמה בערמאן.

---

## ליטעראטור און קונסט

— דער יונגער. רוסישער שריפטשטעלער ס. ס. יושקעוויטש שרייבט א גרויסען ראמאן מיט דעם נאמען „די יודען“.

— אין מארסייל האט אנגעהויבען ארויסצוגעהן א נייע יודישע צייטונג אין פראנצויזישער שפראך מיט דעם נאמען »Le flambeau Israel« (די יודישע מנורה). די דאזיגע צייטונג געהט ארויס צוויי מאל אין חודש און בעהאנדעלט די יודישע ענינים אין דרום פראנקרייך, אין אלזשיר און טונים.

— קירצליך וועט אין בערלין אנהויבען ארויסצוגעהן א מאנאטליכער זשורנאל מיט דעם נאמען „דער יוד“. די רעדאקטארען פון דער זשורנאל וועלען זיין בערטהאלד פייוועל און מארטין בובער. ארויסגעבען וועט עס דער „יודישער פערלאג“ פון בערלין.

— אין דער וועלט־אויסשטעלונג, וואס וועט זיין אין ס"ט לואיז (אמעריקא) גרייט זיך א קינסטלער צו פארצושטעלען די יודישע מחנה אין דער מדבר, ווען זיי זענען געגאנגען פון מצרים, דעם משכן, דעם ארון מיט אלע כלים, אקוראט ווי די כלים, וואס זענען געווען אין משה רבינו'ס צייטען.

## יודישע פרויענוועלט

### I. אלגעמיינע נייעס.

— איינגע פרויען דאקטוירים אין רוסלאנד, וועלכע האבען אויסשטודירט אין איין אוניווערזיטעט און האבען דעם טיטול ארצט, האבען דערלאנגט א בקשה אין דער אקאדעמיע, מען זאל זיי ערלויבען זיך צו עקזאמענירען און בעקומען דעם טיטול דאקטאר מעדעצין. צוליב דעם האט די אקאדעמיע אויסגעקליבען א קאמיסיע, וואס זאל בעהאנדלען די דאזיגע פראגע.

— אין פעטערסבורג געפינט זיך איין אפטייק, וואו עס ארבייטען בלויס פרויען. ביי דער דאזיגער אפטייק זענען איצט געגרינדעט געווארען קורסען פאר פרויען, וואס גרייטען זיך צו צום עקזאמען אויף פראוויזאר און עס זענען שוין דא אין די דאזיגע קורסען 44 שילערינען.

— אין מאסקווא וועט מען אין גיכען עפענען א האנדעלס־שולע פאר פרויען.

— ביי דער לאנדווירטשאפט־שול אין סאראטאוו (רוסלאנד) האט זיך געעפענט קורסען, אין וועלכע מען וועט לערנען פרויען די לאנדווירטשאפט.

— אין מינכען (די הויפט־שטאדט פון בייערן) איז געווען איין אלגעמיינע פרויען־אספה, אויף וועלכע עס זענען זיך צונויפגעקומען אלע פארשטעהערינען פון די פרויען־פעראיינען אין דייטשלאנד. אויף דער אספה זענען בעהאנדעלט געווארען די פראגען: ווי מען זאל פארגרעסערען די פרויען־רעכטע און ווי מען זאל פארברייטערן די ווירקונג פון די פרויען־פעראיינען.

### II. יודישע נייעס.

— ביי די פאגראמען אין קישינוב האבען ביין אויפפאסען און פארבינדען די פארוואונדעטע יודען זעהר פיעל געהאלפען קישינובער יודישע פרויען. זיי האבען די קראנקע מיט זייער רחמנות און טרייסטווערטער פארגרינגערט זייער לאגע.

— ביי דעם ציוניסטישען־קאנגרעס, וואס איז געווען אין יאסי (רומעניע) איז דאס יודישע פריילין בוילינג אויסגעקליבען געווארען אלס איינע פון די פארשטעהער ביי דעם דאזיגען קאנגרעס.

— אין דער יודישער שולע פון מאדאם סקאמאראווסקי אין קישינוב האט זיך געעפענט א בעזונדערע אבטיילונג אויף נייען קליידער און וועש פאר די פאראומגליקטע יודען. דער שטאדט־גאלאווא ה' ק. שמידט האט צו דעם צוועק נעגעבען 200 רובל.

א מיידל פון 11 יאהר, קראוצענקע פון קיוב, ביי וועלכע מען האט ביין פאטער בעקומען א סך קליידער פאר די פאראומגליקטע יודען אין קישינוב, איז געקומען צו די לייט, וואס האבען צונויפגעקליבען געלד פאר קישינוב און מיט טרעהרען אין די אויגען האט זי געבעטען, מען זאל ביי איהר צונעמען 3 רובל פאר די קישינובער יתומים, וועלכע זי האט צונויפגעקליבען ביי איהרע חברת'עס אין דער שולע. אז מען האט ביי איהר צוגענומען דאס געלד האט זי געזאגט: „איך דאנק אייך זעהר פאר די טובה וואס איהר האט מיט מיר געטהאן און האט פון מיר צוגענומען דאס געלד פאר“... מעהר האט זי נישט געקאנט רעדען; די טרעהרען האבען איהר געשטיקט און זי איז ארויס מיט א געוויין.

— פרוי נאלדבערג פון קיוב האט צוזאמענגענומען טויזענטער קליידער פאר די פאראומגליקטע יודען אין קישינוב.

— דער ווילנער קוראטאר האט ערלויבט די לעהרערין דינה גרינבערג צו עפענען אין האמעל (מאהליווער גוב') א שולע פון 4 קלאסען פאר יודישע מיידעלעך.

## הויזגליק.

עס איז גאר קיין ספק נישט, אז זעהר ווייניג מענשען קענען זיך אליין. דאס קאן מען אויך זאגען אויף א פאר־פאלק. דאכט זיך יעדער מאן קען גאנץ גוט זיין פרוי. היינטיג וועלטיגע יונגע פארלעך האבען זיך נאך פאר די חתונה גוט געקענט; אבער מען דערקענט זיך ניט אפילו ביי זעהר לאנגער כלה'שאפט. א גלייך ווערטל זאגט: מען קען נישט א מענש ביז מען וואהנט נישט מיט איהם. ביי יעדעם שדוך מיינט יעדער צד, אז ער האט א גליק געמאכט; נאך דער חופה ווערען זיי געוואהר, אז זיי האבען זיך ביידע אבגענארט. ווי פיעל מאל זעהען מיר, ווי די צדדים ווערען צו שפעט געוואהר, אז זיי זענען אריין געקראכען אין א בלאטע און קענען נישט ארויס. אפילו ביי שדוכים, וואס ווירקליכע ליבע און געפעלען פון ביידע זייטען האבען זיי צוזאמען געפיהרט, קומען דערנאך ארויס ספקות און סכסוכים; מען דערקענט ערשט שפעט, אז מען האט פריהער א שלעכטען פשט געלערנט. ווי פיעל פרויען קלאגען זיך נאך דער חתונה, אז דער ליבער מאן, וואס איז חתנ'ווייז געווען אזוי גוט, אזוי מילד און אזוי געדולדיג, האט זיך אין גאנצען איצט פארענדערט. דאס זעלבע קלאגט זיך אויך דער מאן פאר פרעמדע אדער ביי זיך אין הארצען. זי ווארפט איהם פאר, אז ער האט דאס גאנצע אינטערעסע פאר איהר פארלארען, ער בעהאנדעלט זי גראב; ער ווארפט איהר ווידער פאר, אז זי איז צו עמפפינדליך, זי מאכט אויס די מינדסטע זאך א גאנץ עסק, זי איז צו אונגעדולדיג און זוכט אומזוסט פעהלער. פון די פארווירפע קומען ארויס אפט געקרינגערייען, שטעכווערטלעך און ביי נאטירליכע, אפענע מענשען קומט עס גאר ביז צו געשלעגערייען. און אז מען האלט שוין אזוי ווייט, איז אלץ וואס מען טוט א פעהלער, יעדע זאך, יעדער גאנג, יעדעס ווארט רופט ארויס נייע וכוחים מיט נייע געשרייען.

דער פעהלער ליגט אבער נישט אין די מעשים, אין דאס געטאנע. דער פעהלער ליגט נאר אין דעם, וואס מען האט זיך געוועהנט צו קריטיש צו זיין, מען זוכט נאר פעהלער, מען וויל נאר די שוואכע זייט פונ'ם מענש געפינען, בשעת דאס גוטע זעהט מען נישט. מען מוז תמיד וויסען, אז יעדער מענש האט מעלות מיט חסרונות, א מענש אהן פעהלער איז נאך נישט אויף דער וועלט געבארען געווארען. א מענש, וואס מען קען איהם נאך נישט גוט, מען זעהט איהם נאר פון

דער ווייטען, דערזעהט מען אן איהם נאר בלויס מעלות, דאס שענע בלישטשעט פון דער ווייטען, די שלעכטע זייט קאן מען אבער ערשט דערזעהען פון דער נאהנטענס, אז מען ווערד געוואהנט מיט דעם מענש, אז דאס גוטע און שענע פון איהם האט שוין אויפגעהערט צו פארבלענדען די אויגען. דעריבער געפינט מען די חסרונות פון דער צווייטער העלפט זווג ערשט שפעט נאך דער חתונה און די מענשען, וואס האבען בטבע ליב צו פארגעסען די גוטע איינדריקע פון פריהער, מיינען אז זיי האבען זיך גאר אבגענארט.

מען מוז זיך אבער געוועהנען ביים ערשטען מאל דערזעהען א מענש אביסל קריטישער צו זיין, זיך נישט לאזען פארבלענדען די אויגען פון די מעלות, וואס ווייזען זיך אין פלוג, נאר טיעפער צו פארשען דעם חאראקטער, ארויס צו זוכען באלד די פעהלער, וואס וועלען זיך שפעטער ציינען, כדי מען זאל קענען אבוועגען די מעלות געגען די חסרונות און וויסען אקוראט צי מען קאן אויף דעם באשטעהן. אבער דערביי מוז מען זיך תמיד האלטען פאר די אויגען, אז א כלה אדער א חתן אהן חסרונות וועט מען קיין מאל נישט געפינען, ווייל עס איז איבערהויפט אזוינע מענשען אויף דער וועלט נישט פאראהן, אזוי ווי עס איז קיין שום זאך אויף דער וועלט נישט פאלקאמען גוט.

אז מען וועט אויף אזא אופן זוכען א זווג, וועט מען זיך קיין מאל נישט אבנארען און מען וועט פון דער אנדערער זייט נישט ברויכען צו זיצען ביז צום גרויען צאפ, אזוי ווי עס טרעפט זיך אפט ביי די איבער־קלוגע מיידלעך, וואס רעדען זיך איין, אז זיי מוזען טרעפען א „גליק", און, וואס דער עיקר איז, זיי וועלען נאך דער חתונה נישט ערשט ברויכען זיך געוועהנען צו קריטיקירען און געפינען יעדען טאג איין אנדערען פעהלער, וואס זיי האבען פריהער נישט געזעהען, ווייל זיי האבען זיך געלאזט פארבלענדען די אויגען פון די אויבער־פלעכליכע מעלות, וואס בלישטשען פון דער ווייטענס.

די פעהלער, וואס מען געפינט צו שפעט און מען וויל זיי זעהען אויס צו בעסערען דורך פארווירפע, דורך בקשות, דורך איין־און אויסרעדען, ברענגען תמיד צו בייזע וכוחים, צו אויפרעגונגען און צו מאוס'ע סצענעס. זי למשל, מיינט, אז ער וויל איהר נישט צוליב טון, זיך אבצוגעוועהנען פון זיין פעהלער, ווייל ער איז איהר נישט געטריי און דאס איז גאר נישט דורך דעם; דאס איז גאר זיין שוואכע, ער קאן זיך נישט אבגעוועהנען און די וכוחים זענען אומזוסט, זי מוז געפאסט זיין דאצו, עס איז פארפאלען און ער מיינט גאר נישט קיין שלעכטס דערמיט. אז זי וועט איהם תמיד ערגערן איבער זיינע פעה־לער, וועט זי איהם ערשט רעכט רייצען און פארדערבען, די ליבע וועט אבגעקיהלט ווערען, ער וועט אויך אנהייבען פעהלער צו זוכען און אויס דער רוהיגער שטילער היים וועט ווערען א גיהנם.

יא, מען מוז זיך געוועהנען איינער דעם אנדערען זאל דורך און דורך קענען; מען מוז די ווירקליכע פעהלער קענען און זיי ליידען, ווייל מען קאן זיי שוין נישט אויסבעסערען. דאגעגען מוז מען אבער די מעלות נישט פארגעסען. די מעלות, וואס מען האט ביים ערשטען מאל צוזאמענטרעפען געזעהען און וואס מען וועט זיי געדענקען אויך ווען דער זווג וועט זיך אמאל שיידען, למשל ווען איינער וועט חלילה שטארבען. נאך דעם טויט זעהט מען געוועהנליך אויך נאר די מעלות, די חסרונות אבער פארגעסט מען באלד. „אחרי־מות — קדושים": נאך דעם טויט ווערד מען הייליג. גוטס זעהט מען נאר פון דער ווייטענס, שלעכטס אבער זעהט מען נאר פון דער נאהנטענס.

איך האב געקענט א קלוגען יוד, א ווייצלינג, וואס האט געהאט א ווייב איין ארורה, זי האט איהם בעשטענדיג געזוכט פעהלער און געערגערט. איינמאל, ווען ער האט שוין נישט געקאנט אויסהאלטען פון איהר, האט ער איהר אזא פארשלאג געמאכט: „ווען איך וועל שטארבען וועסט דו דאך א ודאי נאך געהן נאך דער מטה און וויינען און קלאגען: מיין טייערער מאן, מיין גוטער, מיין כשר'ער, מיין הארצעדיגער א. ז. וו. און אלע חסרונות וועסטו פארגעסען; אפשר וואלסט דו געוואלט, מיר איצט ליבער אויסרעכענען ביים לעבען די מעלות און פארגעסען די חסרונות. נאך דעם טויט אבער מעגסטו מיך מבזה זיין, שעלטען און אלע בייזע חלומות אויסבטל'ען אויף מיר", פון דעמאלט אן איז אויף די בייזע פרוי געקומען איין איבערקעהרעניש. זי האט איהם אנגעהויבען גאנץ אנדערש צו בעהאנדלען.

מאן און ווייב זאלען זיך נישט בעגניגען נאר אין הארצען איינער דעם אנדערען גוט צו זיין; זיי מוזען דאס אויך ארויסווייזען, כדי דער אנדערער זאל זיך נישט האבען טועה צו זיין; אין הארצען אריין קאן נישט יעדער קוקען. מען טאר נישט מיינען, אז נאר דער אנדערער מוז זיך בעסערען, נאר מען מוז וויסען, אז אליין מוז מען זיך אויך בעסערען. מאן און ווייב, וואס ברויכען איינער דעם אנדערען און מוזען שוין צוזאמען אב לעבען די וועלט, מוזען זיך קענען דער־טראגען און מוזען זיך געוועהנען אריבערטראגען די פעהלער, איינער פון דעם אנדערען.

דאס גענויע קענען זיך זעלבסט און דעם מענש, וואס מען לעבט מיט איהם צוזאמען, דאס איידעל בעהאנדלען און מוחל זיין די פעהלער, נישט בלויס פון א פרעמדען, נאר נאך מעהר פון די היימישע מענשען, פון די אייגענע, דאס וויסען ווי אזוי בעגעהן זיך מיט דער פאמיליע, דאס הייסט, צו קענען זייער געפיהל, זייער לאגע צו בערעכענען, אט דאס איז דער יסוד פון דעם הויז־גליק.

געוויס האט אויך די מאטעריעלע פראגע פיעל צו זאגען ביים הויז־גליק. ווען דער מאן איז פויל, נישט טיכטיג ביי דער ארבייט און נאכלעסיג אין די געשעפטען, ווען ער ווארפט זיך אלע מאל אויף עפים אנדערש און איז קיין מאל נישט צופרידען פון זיך זעלבסט און די פאמיליע האט נישט דאס נייטיגע צום לעבען אדער ער ווארפט גאר די פרנסה דעם ווייב אין די הענט אריין און ער אליין גיט זיך אב מיט פרעמדע זאכען אדער זוכט נאר צו בעפרידיגען זיינע אייגענע בעדירפנישען, נו דאן איז שוין זיכער נישט דא קיין הויז־גליק.

דער מאן, וואס וויל דאס גליק אין זיין הויז פעסט האלטען, מוז אויך זיין א מ א ן, ער מוז טראכטען ארויס צוטרייבען פונ'ם הויז זארגען און נויט, נאר אזוי קאן איהם געלינגען, אז די פאמיליע זאל איהם עהרען און זאל אויך זיינע פעהלער מוחל זיין. דאס איז דער וועג צום הויז־גליק.

שמעון מנחם לאזאר.

---

רעדאקטאר: מ. ספעקטאר.
פערלאג „פאלקסבילדונג".

Herausgeber Verlag Volksbildung, Verantwortlicher Redacteur Moses Deutscher, Krakau, Druck v, S, L Deutscher Podgorze b. Krakau.

# נדבות

פאר די פאראומגליקטע יודען אין קישינוב דורך די אדמיניסטראציאן „יודישע פאלקסצייטונג“ אין קראקוי:

נ. פינעס 2 רובל; נאסף ע״י שפילפויגעל על ברי״מ אצל זאב פרידס 8 רובל; מ. פלאטקאווסקי 50 קאפ. אלעזר פאלעק — קראקא 1 רובל.

**אויף דעם סבארניק „הילף“:** האסמאנן—קיעוו; גראייעווסקי—לאדז; ם. צערניאווסקי—ווארשא; י. דעמבא—יאנאווא; ד. בארג—מאהילוב (דניעפר); לאה קאהאן - ריגא; ס. זיכלינסקי - ברעזין; ב וואלאשין—איוואנאווקא; מ. עפשטיין—באהאפאל; מ. ראזענבערג—זיטאמיר; א. ווייס—מערעטש; ש. געלבורג—אקקערמאן; ש. אווערבוך—קארנעשטי; א. ליקארענקא—מירגאראד; י. ב. ניסענבוים—בענדערי; א. י. ראזענטהאל, יצחק ענדעלמאן, דוב וויטטענבערג, יעקב בערענשטיין, יוסף וואללאך, יעקב אייזיקאוויטץ, אליעזר לאנדאן, יהושע אמסטערדאמסקי, אברהם מעדאווניק, שבתי פאלניצקי, אגודת בנות ציון „תחיה“—מאריאמפאל; ל. סילקעס, אהרן ליבערזאהן, יוסף שוחט, בנציון ניימאן, שמואל קרעמבערג, אהרן איצקאוויטש, מרדכי שוכמאן—קישינוב; י. צינאמאן, ד. זעליגמאן, ס קאהאן—מאלקין; מ. בעלאיי, י שיינקין—ניקולאייעוו; „צעירי ציון“, ד. גוטענטאג, הירש מלינארסקי—פעטרעקוב; א. לוקאצקי—קיוב; מ. שעפשעלעוויטש - קאראסטישעוו; ב. מ. גימאס, ה. ניימן, ב. רובינראט—לאדז; ס. קארק—עדענבורג — צו 1 עקזעמפל.

נאסף עבור הקופה-הלאומית (נאציאנאלפאנד) על סעודת בר מצוה אצל שלמה גאלדענבערג ע״י בצלאל טשעקליע — 5 רובל; ועל סעודת ברית מילה אצל יעקב סנדלר ע״י בנציון לעדערמאן — 4 רובל, = ס״ה 9 רובל ונתקבלו ע״י דוב בעקיר מזגוריצא; ע״י פינחס מאללער, שנאסף על חתונת אליעזר פריזאנט וחיה שעפס מטשערנאווא 1.87 רובל

## פון דער אדמיניסטראציע.

די אגענטען ביי וועלכע מען קאן אויסשרייבען די „יודישע פאלקסצייטונג“ מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום-עליכם“, און אויך מודעות (אנאנסען) אויפגעבען:

(ענדע)

**Amsterdam:**
Van Creveld & Co. I D. Mejerlein 8 en 10.

**Baltimore, Md.** (אמעריקא):
S Abel (1438 E Baltimore str.)

**Berlin:**
M. Poppelauer, Buchhandlung, (Neue Friedrichstr. 59).

**Buenos-Aires** (Argentina):
G. Schüssler, Buchh.

**Buczacz** (גליציה):
Samuel I. Terner, Buchh.

**Bourgos** (בולגאריא):
Aron Chalom, Rabbin.

**Chicago:**
W. Schur, (225 Maxwell str)

**Frankfurt a/M.:**
J. Kauffmann, Buchh.

**Hamburg:**
G. Kramer, Buchh.

**Jerusalem:**
M. Krischewsky.

**Königsberg i/P.:**
M. L. Sambursky.

**Krakau** (גליציה):
A. Faust, Buchh.

**Leipzig:**
M W. Kaufmann, Buchhandlung Brühlstr.

**Lemberg:**
Munk & Roth, Buchhandlung; G. Bader, Alembekow 14, II St

**London:**
R. Mazin & Co., 59 Montague str. (Boks ller)

**Montreal** (Kanada):
H. Bernstein.

**New-York:**
R. Kantorowitz, Rutgers str. 4.; S. Druckermann, 50 Canal str. (Bokseller).

**Piatra** (רומניה):
B. Samsony.

**Przemyśl** (גליציה):
E. Amkraut, Buchh.

**Wien:**
J. Schlesinger, Buchh.

# היטעט אייך פאר פעלשונגען.

די איינציגע ברוכבאנדער, וועלכע היילען אויס גרינדליך יעדען איינציגען ברוך, נאך קורצעם געברויך זענען נור

## אלעקסאנדער'ס עלעקטרא־גאלוואנישע ברוכבענדער

וועהרענד עס האט זיך געצייגט, אז מען מאכט א זאלכע נאך, בעטען מיר צו בעאויבאכטען אויף אונזער פירמא, וועלכע איז אויף יעדען ברוכבאנד

**„Aleksander“ Warszawa, Senatorska 22.**

וויר בעוויזען הונדערטע דאנקבריעפע פון די יעניגע, וואס האבען געטראגען אונזער ברוכבאנד און זענען גענצליך אויס־געהיילט געווארען, לויט ווי מיר געבען דא די אריגינעלע בריעף פון די איינענטהימער:

Гроново, Подол. Губ. 25/XII 1902 г.

**Въ Оптич. хирург. магазинъ**

„АЛЕКСАНДРЪ“ ВАРШАВА.

Въ Апрѣлѣ 99 года я изъ Ваш. магазина пріобрѣлъ Электро-Гальван. лѣвостронный бандажъ за который Вашей Фирмѣ очель благодаренъ. **Я совершенно излѣчимъ.**

Съ почт.

(207) 3—2 **Д. ШАПИРО**

---

## פאריזער נייעסטע מאדעלע

עמפפעהלט דער בעקאנטע מאגאזין פאן

דאמען־מענטעל, וויערכזען צו פוטער און קאסטיומען

ד. באראדאווסקי ווארשא. לעשנא 9 № וואהנ. 4

אויפס פערלאנג פערפערטיגע אללער ארט בעשטעלונגען

25—9 אין 24 שטונדען 147

---

## די קאנדיטעריי פון ברידער קאטליצקי

### אין ווארשא:

1) נאוואליפקי נומר 8 ביי האטעל „ראססיא“. — 2) פיליע: אייזערנער טהויער נומר 3 ביים זאקסישען גארטען

(טעלעפאן 1148 נומר)

נעמט אן אלערליי בעשטעלונגען פון קאנדיטעריי זאכען, ווי: טארטען, מאראז־שענע, קאנפעקטען, פיראמידען און פיראושנעם. די אלע סארטען קען מען צו פסח בעקומען אין שטרענגסטע כשרות. בעשטעלונגען פון פרעמדע שטעדט ווערען פינקטליך פערפערטיגט און ארויסגעשיקט אויף מיטעלמעסיגע פרייזען, ווען מען שיקט צו 25 פראצענט האנד געלד.

(174) 15—10

---

**Интересный и наилучшій подарокъ себѣ и знакомымъ.**

Не дорого и красиво и каждому доступно воспользоваться этимъ случаемъ. **Только за 1 р.** мѣдная надверная доска, красиво гравированная (имя, отчество и фамилія заказчика) черной эмалью, весьма красиво и изящно отдѣланная и отполированная. Имѣется также большой выборъ усовершенствованной домашней типографіи по самымъ дешевымъ цѣнамъ. Каждому доступно подарить себѣ и дѣтямъ, можно самимъ составить разные тексты. Мастерская также изготовляетъ всевозможные каучуковые штепеля, сургучныя и рельефныя печати, по умѣреннымъ цѣнамъ. **Пріѣзжимъ мастерская изготовляетъ заказы въ продолженіи 2 часовъ.** Иногороднимъ высылается налож. платежомъ **на 35 коп. дороже.**

Адресовать:

**Варшава, мастерская штемпелей Великсона Рымарская 3,** (рядомъ съ Государственнымъ банкомъ).

Требуются агенты. Каталогъ высылается безплатно.

---

## שפירטוס־לאקיר, פאליטור און עסיג זאוואדען

**Х. Бурштейнъ, Слонимъ.**

**צו בילליגע פרייזען ווערט פערקויפט פערשידענע סארטען לאקירען; אויך אציגשצענע־אויסגעשטאנענע סארטען עסיג.**

די ווארע איזט פראכטפאל. פיעל דאנק בריף פון סוחרים. עס ווערט געשיקט אויך פער נאכנאמע אין בעסטען ארדענונג.

4—5 203

פרייז־קוראנטען ווערט צו שיקט נאך פערלאנג אומזאנסט

---

# נור פיר 1 רובל

איז צו בעקומען איין עכטע עלעגאנטישע און דויערהאפטע

## עלעקטרישע טאשען־לאמפע

וועלכע ביי קליינעם דרוק דאס איינגעריכטעטע קנעפכען, גיבט זעהר העללעס עלעקטרישעס ליכט אויף איין גאנץ ווייטע שטרעקע

אין די ערשטע קוועללע פאן פערשיעדענע עלעקטרי־שע טאשען לאמפען

**Братья Канкусъ, Варшава, Св.-Георгія 30/84.**

עס גיבט אויך טהייערע ביז 3.50, אויך עלעקטרישע אוהרען, לייכטער, האנד־לאמפען א. ד. ג.

**צו זעהר בילליגען פרייזען.**

פיר הורט קייפער בעדייטענדער ראבאט. — פרייז־קוראנטען גראטיס און פראנקא.

5—3 (206)

---

# טאשען אוהרען בחצי חנם!

פיר 3 רובל מיט 50 קאפ. קאן יעדער איינציגער בעקומען פראנק און פריי צו הויזע פער נאכנאמע אהן האנדגעלד א עכט גוטען ניקעל רעמאנטער, וואס ציהט זיך אן ביין אויער איין מאל אין 36 שעה.

די זעלבע אוהרען אין **שווארצען שטאל** מיט 50 קאפ׳ טהייערער. — **עכט פערגאלדעטע** מיט גאראנטיע נור 5 רובל.

אום צו פערברייטערען אונזערע גוט בעקאנטע וואארע ווירד צוגעגעבען צו יעדע אוהר א עכט דובלע־גאלדענע פאנצער קעטע מיט א ברעלאק **גאנץ אומזאנסט.** דער ברעלאק קאן זיין מיט א לארנעטקע וואס ציגט פערשיעדענע פיקאנטנע בילדער פון דאמען געשלעכט.

6—3 (208)

אויך עלעגאנט אויסגעפיהרטע „מוזיק אוהרען סימפאניע“, זעלבסטשפיעלער וועלכע פיהרען אויס גאנץ הויך און לאנג אלע שאנסטע פאלקס ליעדער, מארשען, וואלצען, פאלקעס, אפערן א. ד. ג מיט עלעגאנטעם פאנטאזיונעם ציפערבלאט פיר 7 רובל 25 קאפ. מיט פארטא. — 2 שטיק נור 14 רובל.

יעדע אוהר איז אויסרעגולירט צו דער מינוטע, גאראנטירט פיר גוטען גאנג אויף 8 יאהר. בעשטעלונגען ווערען גלייכצייטיג און פינקטליך ארויס געשיקט.

**Складъ Часовъ Ю. Якубовича, Варшава, С. Георгія 16.**

---

## דאמף־דרוקעריי עט ליטאגראפיע

## פון ש. בעלכאטאווסקי אין פיעטרעקוב

איינגעאָרדענט לויט די נייעסטע סיסטעמע, מיט די שענסטע מאדערנע שריפט און פערציררונגען, נעמט אן צו דרוקען **אלערליי ביכער: יודיש, רוסיש פויליש, דייטש** א. ז. וו. אויף די לייכטסטע בעדינגונגען. אויך פערשידענע **עטיקעטען, פרייז־קוראנטען, פאבריטשנע ביכלעך,** אויך אלערליי אנדערע סארטען דרוק אונד **ליטאגראפישע זאכען.**

(212) אלעס ווערט פינקטליך און שנעל בעזארגט. 50—1

**Въ Типо-литографію Ш. Белхатовскаго, г. г. Петроковъ.**